יוגנט-ביבליאָטעק

איוואַן טורגעניעוו

# מומו

אידיש פון ב. סלוצקי

רעדאַגירט פון נ. שטיף



קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט
„ידישער פאָלקס-פאַרלאַג"
קיעוו — פעטערבורג.
תר"ף.

אויך איינע פון די פאַרוואָרפענע מאָסקווער גאַסן, אין אַ גראָה הויז מיט ווייסע זיילען, מיט אַן איבערשטובל מיט אַן אויסגעקרומטן גאַניק האָט אַ מאָל געלעבט אַ פריצע אַן אַלמנה, מיט אַ גרויסער דינסטוואַרג. אירע זין האָבן געדינט אין פעטערבורג; די טעכטער אירע זיינען געווען אויסגעגעבענע; זעלטן פלעגט זי זיך באַווייזן צו גאַסט און איינזאַם האָט זי אָפּגעלעבט די לעצטע יאָרן פון איר קמצנישער נידנער עלטער. איר טאָג אַן אומעטיגער אין טריבער, איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען, אָבער איר אָוונט איז אויך געווען פינסטערער פון דער נאַכט.

דער מערקווירדיגסטער פון איר גאַנצער דינערשאַפט איז געווען דער סטרוזש געראַסים, אַ פאַרשוין, צוועלף ווערשקעס די הויך, שטאַרק, ווי אַריז און אַ טויב-שטומער פון געבוירן אָן. די פריצע האָט אים געבראַכט פונ'ם דאָרף, וואו ער האָט געלעבט איינער אַליין אין אַ קליין שטיבעלע, באַזונדער פון זיינע ברידער, און האָט זיך גערעכנט כמעט פאַרן פונקטליכסטן פריצ'ס קנעכט. ער איז געווען אַ זעלטענער גבר און געאַרבעט האָט ער פאַר פיר — די אַרבעט האָט געבריענט אונטער זיינע הענט, ס'איז געווען אַ פאַרגניגן צו קוקן אויף אים, ווי ער אַקערט: אָנגעשפּאַרט מיט די גרויסע הענט אויפ'ן אַקעראייזן האָט זיך געדוכט, פונקט ווי ער אַליין אָן דעם פערדלס הילף שניידט דאָס ביי דער ערד שטיקער ברוסט; אָדער ווי ער אַרבעט אויף פעטראָוו אַזוי פייערדיג מיט דער קאָסע, אַז אַפילו אַ בערעזעווע ווערלדל וואָלט ניט געקאָנט איינשטעהן קעגן איר; אָדער ווי ער דרעשט פלינק און אָן אַן אָפּשטעל מיט אַ דריי־אַרשיניגן שטאַנג, און דערביי הויבן זיך ביי אים די האַרטע אַקסל-מוסקולן אויף און אָפּ אַזוי ווי אַ הייבער. דאָס שטענדיגע שוויַיגן האָט פאַרשאַפט זיין היציגער אַרבעט אַ מין געהויבענעם ערנסט. אַ וואוילער יונג געווען, און ווען ניט זיין אומגליק, וואָלט יעדער מיידל גערן חתונה געהאַט פאַר אים...

דערווייל האָט מען געראַסימען געבראַכט קיין מאָסקווע, געקויפט אים אַ פּאָר שטיוול, אויפגענייט אויף זומער אַ קאַפטן, אויף ווינטער — אַ פעלץ, געגעבן אים אין די הענט אַריין אַ בעזים מיט אַ לאָפּעטע און אים געמאַכט פאַר אַ סטרוזש.

פון אָנהויב איז אים זיין ניי לעבן שטאַרק ניט צום האַרצן געווען. פ'ן קינדווייז אָן איז ער געוועהנט געווען צו פעלד אַרבעט, צום דאָרפישן שטייגער. דער אומגליק זיינער האָט אים געהאַלטן ווייט פון מענשן, און ער איז אויסגעוואַקסן שטום און שטאַרק, ווי אַ בוים, וואָס וואַקסט אויף פעטער ערד... אין שטאָט, וואוהין מ'האָט אים געבראַכט, האָט ער נישט פאַרשטאַנען, וואָס מיט אים טוט זיך, האָט ניט געוואוסט, ווי זיך אַ הינטין און האָט דאָס ניט געקאָנט באַגרייפן, ווי עס קאָן ניט באַגרייפן אַ יונגער געזונטער אָקס, וואָס מ'האָט

אים נאָר וואָס צוגעגומען פ׳ן דעם פרייַעם פעלד פונס זאַפטיגן גראָז ביז׳ן בייך — געגימען אין פאַרשפאַרט אין אַ וואַגאָן און ס׳וואַרפט מיט אים איצט, און ס׳שיט זיך אויף זייַן פעטן גוף רויך, פונקען און כוואַליעס פאַרע, ס׳טרייסעלט מיט אים, ס׳קלאַפּט און ס׳פייַפט און וואָס? ווען?—גאָט ווייסט, אַקעגן דער שווערער פויערשער פראַצע, האָט די אַרבעט אויף דער נייַער שטעל אויסגעזעהן גערעאַסימען אַ שפּילעכל; אין איין האַלבער שעה פלעגט ער שוין זייַן פאַרטיג, און ער פלעגט זיך ווידער אַוועקשטעלן אין מיטן הויף און קוקן מיט אַ אָפן מויל אויף אַלע דורכגעהער, פונקט ער האָט געוואָלט ביי זיי דערגעהן עפּעס וועגן זייַן ווילד פרעמד לעבן; אָדער אַ ניט פלעגט ער גאָר פלוצעם אַוועקגעהן ערגעץ אין אַ ווינקל, ווייַט אַ שלייַדער טון פ׳ן זיך דעם בעזים מיט דער לאָפּעטע, זיך אַ וואָרף ט׳ן מיט׳ן פּנים אַראָפּ אויף דער ערד און אַזוי אָפּליגן שעה׳ן לאַנג מיט׳ן פּנים אַראָפּ, ניט אַ ריר ט׳ן זיך ווי אַ געפּאַנגענע חיה.

אַ מענש ווערט אָבער צו אַלץ צוגעוועהנט, אין גערעאַסים האָט זיך ענדליך, אויך צו-געוועהנט צום שטאָטישן לעבן. קיין סך אַרבעט האָט ער ניט געהאַט. ער האָט געדאַרפט האַלטן ריין דעם הויף, צוויי מאָל אַ טאָג ברענגען אַ פעסל וואַסער, אָנטראָגן און אָנהאַקן האָלץ פאַר דער קיך און פאַר דער שטוב, ניט אַריינלאָזן קיין פרעמדע א׳ן בייַנאַכט היטן דעם הויף. מ׳דאַרף זאָגן, ער האָט פלייַסיג געט׳ן זיין אַרבעט; אויפ׳ן הויף האָט זיך ביי אים קיין מאָל נישט געוואַלגערט קיין שפּענדעלע, קיין מיסט. פלעגט די אַלטע קליאַטשע— די וואַסערפירערין פאַררייזנען ערגיץ וואו אין אַ בלאָטע מיט׳ן פעסל, איז געניג געוועזן ער זאָל אַ ריר טון מיט׳ן אַקסל, און שוין ארויסגעשלעפט די פור מיט דעם פערדל; האָט ער גענומען האַקן האָלץ, האָט די האַק ביי אים, ווי גלאָז געקלונגען אין א׳יף אַלע זייַטן זיי-נען געפלויגן שפּענער א׳ן שייַטלאַך האָלץ.

פרעמדע האָבן פאַר אים אָפּשיי געהאַט! איינמאָל בייַנאַכט האָט ער געכאַפּט צוויי גנבים און זיי אזוי צעבוצקעט מיט די שטערענס, אַז מ׳האָט שוין קיין פּאָליציע ניט גע-דאַרפט. פון דעמאָלט אָן האָט מען פאַר אים דרך ארץ געקריגן אין גאַנצן קוואַרטל; פלעגן בייַטאָג, אַפילו דורכגעהער, גאָר ניט קייַן גנבים, נאָר סתם פרעמדע מענשן, דערזעהן דעם שטרענגן סטרוזש, אזוי פלעגן זיי פאַרוואַרפן מיט הענט אין מיט פיס אין שרייען אויף אים, פונקט ווי ער וואָלט געקאָנט הערן זייער געשריי.

מיט דעם איבעריגן דינסטגעזינדל איז גערעאסים געוועזן מ׳קאָן ניט זאָגן חבר׳יש—זיי האָבן מורא געהאַט פאַר אים—דאָך נאָהענט: ער האָט זיי געהאַלטן פאַר זייניגע. זיי פלעגן רעדן מיט אים אויפ׳ן וואונק, און ער האָט זיי פאַרשטאַנען און פינקטליך אויסגעפאָלגט וואָס מ׳האָט אים געהייסן. אָבער פון זיין רעכט האָט ער אויך געהאַלטן, קיינער האָט זיך ניט דערוואַגט פאַרנעמען זיין אָרט ביים טיש. בכלל איז גערעאסים געוועזן בטבע שטרענג אין ערנסט, האָט ליב געהאַט אָרדנינג אומעטום.

אפילו די הענער האָבן ניט געוואגט זיך שלאָגן פאַר אים אין די אייגען, וואָרום אַ ניט—פלעגט זיך ט׳ן חושך. בכלל אַ כאַפּ פאַר די פיס, אַ דרעה הקפות אַ צעהן מאָל אין דער לופטן און צעטריבן. ביי דער פריצע אויפ׳ן הויף האָבן זיך אויפגעהאַלטן גענז א׳יך; אַ גאַנז אָבער, ווייסט מען, איז אַ חשובע און באַטראַכטע זאַך, גערעאַסים האָט פון זיי

שטאַרק געהאַלטן און האָט זיי געקעכלט, ער אַליין האָט אויך אַ ביסל געכאַפּט דעם אָנ-בליק פֿין אַ געזעצטן גאָנער. מ'האָט אים אָפּגעגעבן אַ קעמערל איבער דער קיך. ער האָט זיך דאָס אַליין צוגערוימט פֿאַר זיך, נאָך זייַן גוסט נאָך, האָט זיך געמאַכט אַ בעטל פֿון דעמבענע ברעטער אויף פֿיר קלעצער, אָן אמת'ע ריזן-בעט; הונדערט פּוד האָט מען געמעגט אָוועקלעגן דערויף, וואָלט עס זיך ניט איינגעבויגן. אונטערן בעט איז געשטאַנען אַ גע-זונטער קאַסטען. אין ווינקעל איז געשטאַנען אַ טישל, אויך אַזוי פֿעסט, און נעבן טישל— אַ בענקל אויף דרייַ פֿיסלאַך און צוגעפּלאַטשט, נאָר אַזוי שטאַרק, אַז געראַסים אַליין פּלעגט עס אַ הייב טון, אַ וואָרף טון און זיך צופֿרידן צושמייכלען. דאָס קעמערל פּלעגט זיך פֿאַר-שליסן מיט אַ שלאָס, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ קוילעטש, נאָר אַ שוואַרצער; דעם שליסל פֿון דאָזיגן שלאָס האָט געראַסים שטענדיג געהאַלטן ביי זיך אויפֿ'ן גאַרטל. ער האָט נישט ליב געהאַט מ'זאָל געהן צו אים. נאָך דעם ווי ס'איז אַריבער אַזוי אַ יאָר, האָט זיך מיט געראַסימען געטראָפֿן אַ סבה.

די אַלטע פּריצע האָט זיך געפֿירט גאָר און גאָר לויט די אַלטפֿרענקישע מנהגים און האָט געהאַלטן אַ גרויסע דינערשאַפֿט. אין הויז באַ איר זענען געווען ניט אַליין וועשע-רינס, נייטערקעס, טעסליערס, שניידערקעס נאָר אַ רימער אויך, ער איז געווען פֿאַר איינוועגס דער וועטערינאַר אין דער רופֿא פֿאַר די הויפֿמענשן, אין דער שטוב דאָק-טאָר באַ דער פּריצע. אין הויז איז נאָך געווען אַ שוסטער מיטן נאָמען קאַפּיטאָן קלי-מאָוו, אַ גרויסער שכּור. קלימאָוו האָט געהאַלטן, אַז די וועלט באַליידיגט אים און פֿאַרשטעהט ניט זיין ווערט, ער אַליין האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ מענשן אַ געבילדעטן אין גרויסשטאָטישן, וואָס וואָלט באַדאַרפֿט לעבן ניט אין מאָסקווע אָן אַרבעט ערגעץ אין אַ עק. איב ער טרינקט, פּלעגט ער אַליין זאָגן אויף זיך, געציילט יעדער וואָרט און געקלאַפּט זיך אין האַרצן, טרינקט ער טאַקע נאָר פֿאַר צרות. אָט וועגן אים האָט איינמאָל די פּריצע פֿאַרפֿירט אַ שמועס מיט איר אויבערקאָנאָם גאַווריליען, אַ פֿאַרשוין, וואָס נאָר אַ קוק טון אויף זיינע געלע אויגעלאַך און אויף זיין נאָז ווי ביי אַ קאַטשקע, זעהט מען באַלד, אַז גאָט אַליין האָט אים געהייסן זיין דער אויבערהאַר איבער אַנדערע.

די פּריצע האָט באַדויערט, וואָס קאַפּיטאָן איז אַזוי פֿאַרדאָרבן:
נעכטן האָט ער זיך געוואַלגערט ערגעץ אין גאַס.

— ווי רעכנסטו, גאַווריל האָט זי פּלוצלונג אַ זאָג געטון—טאָמער וואָלטן מיר אים חתונה געמאַכט? אפשר וועט ער ווערן לייטישער.

— פֿאַרוואָס נישט חתונה מאַכן? מ'קען,—האָט גאַווריליע געענטפֿערט,—ס'וועט אפילו זעהר גוט זיין.

— יאָ, אָבער ווער וועט אים נעמען?

געוויס. אין ווידער, ווי אייך וועט וואויל געפֿעלן. אויף עפּעס טויג ער דאָך. פֿין קאָן ווערסטו אים ניט אויסמעקן.

— דאַכט זיך טאַטיאַנע געפֿעלט אים?

גאַווריליע האָט געוואָלט עפּעס זאָגן קעגן דעם, נאָר ער האָט פֿאַרביסן מיט די ליפּן.

— יא... זאָל ער זיך נעמען טאַטיאַנען — איז ביי דער פּריצע געבליבן אין זי האָט מיט פאַרגעניגן אַ שמעק־טאַבאַק געטון, — דו הערסט?

— איך הער, — האָט גאַווריִלע געענטפערט און איז אַוועקגעגאַנגען.

זיך אומגעקערט צו זיך אין שטיבל (דאָס איז געווען אין דער פּיצינע אין איז געווען פול געפּאַקט מיט געקאָוועטע קאסטענס) האָט גאַווריִלע קודם כל ארויסגעשיקט אין דרויסן אַרויס זיין ווייב, דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעזעצט נעבן פענסטער און האָט זיך פאַרטראַכט. דער פּריצעס אומגעריכטער באַפעל האָט אים, ווייזט אויס, געוואונדערט. ענדליך האָט ער זיך אויפגעהויבן און געהייסן אריינרופן קאַפּיטאָנען. קאַפּיטאַן איז אריין... נאָר איידער מיר וועלן איבערגעבן די לעזער זייער שמועס, האַלטן מיר ניט איבריג צו דערצעהלען אין קורצן ווער איז געווען די דאָזיגע טאַטיאַנע, וואָס קאַפּיטאַן האט געזאָלט מיט איר חתונה האָבן, און פאַרוואָס האָט דער פּריצעס באַפעל אזוי געאַרט דעם עקאָנאָם.

טאַטיאַנע איז געווען אַ וועשערין (אַלס געניטער און געלערנטער וועשערין האָט מען איר געגעבן נאָר דאָס פיינע גרעט), אַ פרוי פון אַ יאָר אַכט אין צוואַנציג אַ קליינינקע אַ מאָגערע, אַ ריסאווע, מיט ווערצעלאַך אויף דער לינקער באַק. ווערצעלאַך אויף דער לינקער באַק האַלט מען אין רוסלאַנד פאַר אַ שלעכטן סימן — אַ סימן אויף אַן אומגליקליך לעבן: טאַטיאַנע האָט זיך ניט געקאָנט איבערנעמען מיט איר מזל... פון קליינוויז אָן איז זי רעכט אָפּגעקומען, זי האָט געאַרבעט פאַר צוויי און האָט קיינמאָל קיין גיט וואָרט נישט געהערט; מ'האָט זי שלעכט געקליידט שכירות האָט זי גענומען זעהר קליינע; קיין קרובים האָט זי כמעט ווי נישט געהאַט: עפּעס איינער אַן אַלטער היטער, וואָס מ'האָט אים איבערגעלאָזט אין דאָרף, ווייל ער האָט שוין אויף גאָרנישט געט־יגט, האָט איר אָנגעקערט אַ פעטער, די איבריגע פעטערס זיינען געווען פויערים — א'ן דאָס גאָר. אַמאָל האָט זי געשמט פאַר זעהר אַ שיינער, אָבער די שיינקייט האָט זיך זעהר גיך געפעלט געווען איז זי בטבע זעהר אַ שטילע, ריכטיגער געזאָגט, אַן אָנגעשראָקענע, קאַלט צו זיך אַליין מיט אַ מורא פאַר פרעמדע אין געטראַכט האָט זי נאָר פ'ן איין זאַך, ווי אזוי אָפּטון די אַרבעט צו דער צייט. מיט קיינעם קיינמאָל נישט גערעדט, א'ן האָט געציטערט פאַר דער פּריצעס נאָמען אַליין, כאָטש יענע האָט זי כמעט אין פּנים נישט געקענט. אַז מ'האָט געבראַכט געראַסי. מען פון דאָרף, איז זי שיער נישט געשטאָרבן פאַר שרעק, דערזעהענדיג אַזאַ אומגעהייער, זי האָט זיך געמיהט אים אייסצומיידן, א'ן האָט אַלעמאָל די אויגן פאַרזשמירעט, ווען איר פלעגט אויסקומען דורכגעהן פאַרביי לויפנדיג פ'ן הויז אין וואַש־שטוב.

געראַסים האָט זי תחלת כמעט ווי נישט באַמערקט, שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן צו שמייכלען, ווען זי איז אים געקומען אַנטקעגן, דערנאָך האָט ער זיך גענומען פאַרקוקן אויף איר אין, צולעצט, האָט ער שוין פ'ן איר קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פאַרוואָס איז זי אים אזוי געפעלן? פאַר דעם שטילן אויסדריק פ'ן איר פּנים, צו פאַר אירע שעמעוודיגע תנ־עות — איין גאָט ווייסט! איינמאָל איז זי ד־רכגעגאַנגען דעם הויף אין האָט פאַרזיכטיג געטראָגן אויף די צעני־מענע פינגער דער פּריצעס אַן אָנגעקראכמאלעטע קאפטע... פּלוצעם האָט איר עמיצער אָנגעכאַפּט פאַרן עלענבויגן; זי האָט זיך אומגעקוקט א'ן אַ געשריי גע-

טין: דאָס איז געווען גראַסים. ער האָט נאַריש געלאכט, פריינדליך געמרוקעט און דער-
לאַנגט איר אַ לעקעכל — אַ הונטושיק מיט לווישגאָלד אויפן עק און אויף די פליגעלאַך.

זי האָט געפרובט ניט נעמען, נאָר ער האָט דאָס אריינגערוקט מיט גוואַלד גלייך
אין האַנט אריַין, האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, איז אָפּ און, אויסדרעהענדיג זיך, האָט
ער נאָך אַמאָל אַ פרוקע נעטון עפעס זעהר פריינדליך. פון יענעם טאָג אָן האָט ער שוין זי
נישט געלאָזט צו רוה; וואוהין זי געהט, וואַקסט ער דאָרטן אויס, געהט איר אַנטקעגן,
שמייכעלט, מרוקעט, מאַכט מיט די הענט, שלעפּט פלוצעם ארויס אַ סטייגנע פונ׳ם בוזים
און רוקט איר אריַין, פאַרקערט מיט׳ן בעזים דעם שטיב פאַר אירע פיס... די אָרימע מויד
האָט פשוט נישט געוואוסט, ווי זיך צו באַנעמען און וואָס זאָל זי טון. אין גיכן האָט זיך
די גאַנצע שטוב דערוואוסט פון דעם שטומענס שטיק. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּשפּעטע-
נישן, ווערטלאַך און שטעך-ווערטער. מיט גערַאסימען האָט אָבער קיינער זיך נישט דער-
וועגט צו טרייבן שפּאַס; ער האָט פיינט געהאַט קאַטאוועס; אַפילו זי פלעגט מען לאָזן
צורוה, איז ער נאָר געווען דערביי. ווילענדיג ניט ווילעניג איז דאָס מיידל אַרונטערגעפאַלן
אונטער זיין שוץ. ווי אַלע טויב-שטומע, פלעגט ער זיך גרינג אָנשטויסן און האָט גוט פאַר-
שטאַנען, ווען מ׳האָט געלאַכט פון אים אָדער פון איר. איינמאָל האָט די קאַסטילאנשע טאַ-
טיאַנעס אַ העכערע, געגנימען ביים מיטאָג, ווי מ׳זאָגט, לאָזן איר שפּילקעס און איז איר
אַזוי דערגאַנגען, אַז יענע האָט נעבעך נישט געוואוסט וואוהין די אויגען אַהינצוטון און
האָט זיך שיעור ניט צעוויינט פון פאַרדראָס. פלוצעם האָט זיך ג ע ר א ס י ם אויפגע-
הויבן, האָט אויסגעצויגן זיין אַ האַנט, האָט זי ארויפגעלעגט דער קאסטעליאַנשע, אויפן
קאָפּ און האָט מיט אַזאַ פינסטערער רציחה איר אַ קוק געטון אין פנים אריַין, אַז יענע
האָט זיך גלייך צוגעבויגען צום טיש. אַלע זענען אנשוויגן געוואָרן. גערַאסים האָט זיך
ווידער גענומען פאַר דער לעפל און האָט זיך ווייטער געזופּט דעם באָרשטש. — זעה נאָר
דער טויבער יאַש! — האָבן אַלע אַ מורמל געטון שטילערהייט, די קאסטעליאַנשע האָט זיך
אויפגעהויבן און איז אוועק אין דער מויד-שטוב.

אַ צווייט מאָל האָט ער באַמערקט ווי ק א פ י ט א ן, אָט דער זעלבער קאפיטאן, וואָס
פון אים איז נאָר וואָס געווען די רייד, האָט עפעס צו ליבליך זיך געגריסט מיט טאַטיאַנען.
גערַאסים האָט אים מיטן פינגער צוגערופן צו זיך, האָט אים אָפּגעפירט אין שטאַל, האָט
אַ כאַפּ געטון אַ דישעל פון אַ ווינקעל, און האָט אַזוי שפּילענדיג, נאָר גאַנץ ערנסט אַ פיר
געטון פאַר אים מיטן דראַנג. פון דעמאָלסט אָן האָט שוין מער קיינער נישט פאַרפירט קיין
שמועס מיט ט אַ ט י אַ נ ע ן. דאָס אלץ איז אים גרינג אָפּגעלאָזן. אמת, די קאסטעליאנשע,
ווי נאָר זי איז געקומען צולויפן אין דער מויד-שטוב איז זי באַלד געפאַלן חלשות, און
האָט דאָס געמאַכט אַזוי קונציג, אַז די פריצע האָט זיך נאָך דעם זעלבן טאָג דערוואוסט
פון גערַאסימס גראבקייט, אבער די קאַפריזע פריצע האָט זיך נאָר צעלאַכט, האָט געהייסן
דער קאסטעליאנשע עטליכע מאָל איבערחזרן. ווי אַזוי הייסט עס, האָט ער דיך צוגעבויגען
מיט זיין שווער הענטל (די קאַסטעליאנשע האָט זיך גראד געפילט שטאַרק באַליידיגט
דערפון), און האָט אויף מאָרגען ארויסגעשיקט גערַאסימען אַ רובל. זי האָט פון אים גע-
האַלטן, ווי פון אַ געטרייען געזונטן שומר. גערַאסים האָט פאַר איר רעכט מורא געהאַט,

דאך האָט ער זיך פארלאָזט אויף איר גנאד, אין האָט זיך שוין געקליבן געהן צו איר בעטן, זי זאָל אים לאָזן חתינה האָבן מיט טאָטיאַנען. ער האָט נאָר געוואַרט אויפן נײַעם קאַפּטען, וואָס דער עקאָנאָם האָט אים צוגעזאָגט, כדי לײַטן-גלײַך זיך פאָרשטעלן פאַר דער פּריצע, ערשט פלוצעם איז איר איינגעפאַלן חתינה מאַכן טאָטיאַנען פאַר קאַפּיטאַנען.

דער לעזער ווערט איצט לייכט פאַרשטעהן די סבה, פאַר וואָס דער עקאָנאָם גאַווריל אַ האָט זיך פאַרלוירן נאָכן שמ׳עס מיט דער פריצע. די בעל-הביתטע — האָט ער געטראַכט, זיצענדיג ביים פענסטער,—פאַרשטעהט זיך, האַלט פון געראסימען (גאַווריל אַ האָט דערפון גוט געוואוסט, אין דעריבער האָט ער אַליין אים נאָכגעגעבן) דאָך איז ער פאָרט אַ שטומער בעל-חי. מ׳קאָן דאָך ניט מעלדן דער פּריצע אַז געראסים, הייסט עס, איז פאַרליבט אין טאַטיאַנען און אין אמת׳ן געזאָגט: אויך מיר אַ מאַן! און ווידער צוריק, געניג דער דאָזיגער שד, גאָט זאָל מיר ניט שטראָפן פאַר די רייד, זאָל זיך דערוויסן, אַז מ׳גיט אויס טאַטיאַנען פאַר קאַפּיטאַנען, ער זאָל די גאַנצע שטוב איבערקערן. מיט אים וועסטו זיך דאָך ניט צונויפרעדן; דעם דאָזיגן רוח, צרות מיינע, וועסטו דאָך פאַר קיין פאַל ניט איינהאַלטן, אַ !

קאַפּיטאַנס ארײַנקומען האָט איבערגעשלאָגן גאַוורילעס געדאַנקען-גאַנג. דער לייכט-זיניגער שוסטער איז ארײַנגעגאַנגען, די הענט פאַרלעגט ארונטער, האָט זיך מיט ברייטקייט צוגעשפּאַרט צום ארויסגערוקטן וואנד—ווינקל נעבן דער טיר, האָט אַוועקגעשטעלט דאָס רעכטע פיסל קווער איבער דער לינקער אין אַ טרעסל געט׳ן מיטן קאָפּ: „אָט בין איך, הייסט עס וואָס דאַרפט איר האָבן?״

גאַווריל אַ האָט אַ קוק געגעבן אויף קאַפּיטאַנען אין גענימען קלאַפּען מיט די פינגער אויפ׳ן ביישטידל פונ׳ם פענסטער. קאַפּיטאַן האָט פאַרזשמורעט אַ ביסעלע די בלייערנע אויגן, האָט זיי אבער נישט־אראָפּגעלאָזט, האָט זיך אפילו עטוואָס צוגעשמייכלט און האָט אַ פיר געט׳ן מיט דער האַנט איבער זיינע ווייסליכע האָר, וואָס זיינען געוועזן צעשויבערט אויף אַלע זייטען „נו, אָט דאָס בין איך, פאַסט עס? וואָס קוקסטו אזוי״?—„אַ לייט,—האָט גאַווריל אַ אַ זאָג געט׳ן און צוגעשוויגען,—אַ לייט! נישטאָ וואָס צו זאָגן?

קאַפּיטאָן האָט נאָר אַ ציה געט׳ן מיט אַן אַקסל: „וואָס, דו ביסט בעסער?״ האָט ער זיך געטראַכט.

— נו, גיב נאָר אַ קוק אויף זיך, נ״, גיב אַ קוק, — האָט גאַווריל אַ ווײַטער אים פאָרגעהאַלטן. —

— נו, וואָס פאַר אַ פנים האָסטו?—קאַפּיטאָן האָט מיט אַ רוהיגן בליק באַטראַכט זייע אָבגעטראָגענעם, צעריסענעם סורדוט, זיינע פאַרלאַטעטע הויזן, האָט מיט אַ באַזונדער ציקאַ-ווועקייט באַקוקט זײַנע צעריסענע שטיוול, דער עיקר דעם רעכטן, און האָט ווידער אַמאָל גענומען קוקן אויפן עקאָנאָם. —

— נו איז וואָס?

— איז וואָס?—האָט גאַווריל אַ איבערגעחזרט, - איז וואָס? דו זאָגסט נאָך: איז וואָס? זעהסט דאָך אויס ווי אַ רוח, זינד מיינע גרויסע, פאַרשטעהסטו שוין? קאַפּיטאָן האָט גענומען פינטלען מיט די אויגן.

„זידעלט זיך, הייסט עס, זידעלט זיך, גאַווארילע אַנדרייאַיטש״—האָט ער זיך ווידער געטראַכט...

— דו ביזט נאָך אַמאָל געוועזן שיכּור—האָט גאַווארילע אָנגעהויבן: - אַ יאָ, נאָך אַמאָל? אַ? ניי, ענטפער זשע!

— אמת צוליבן שוואַכן געזונד האָב איך זיך אונטערגעגעבן דעם ביטערן טראָפּן, ריכטיג,—האָט געענטפערט קאַפּיטאַן.

— צוליבן שוואַכן געזונד?.. מ׳קאטעוועט דיך ווייניג, אָט וואָס; דערויף האָסטו באַדאַרפט זיין אין פּיטער*) אין דער לערע?.. אַ סך זיך אויסגעלערנט! פּרעסט נאָר ברויט אומזיסט!

— אין דעם, גאַווארילע אַנדרייאַיטש, איז נאָר איין גאָט אין הימל מייַן שופט און מער קיינער נישט. נאָר ער איינער ווייסט, וואָס פאַר אַ מענש איך בין אויף דער וועלט, און צו עס איך טאַקע אומזיסט ברויט. און אַקעגן דעם, וואָס מ׳זאָגט אַ שטייגער שכּרות— איז בין איך ניט שולדיג, נאָר מער איינער אַ חבר; מיר האָט ער פאַרדרעהט און אַליין האָט ער אָפּגעטון אַ פּאָליטיקע, איז אַוועק, הייסט עס, און איך...

— און דו ביזט געבליבן לעקיש אין דרויסן; אַ, דו, דראַב איינער! אָבער ניט דאָס —האָט דער עקאָנאָם ווייטער געזאָגט, - נאָר אָט וואָס: די פּריצע...—דאָ האָט ער צוגעשוויגן אַ ווייַלע,—דער פּריצע איז געפעלן, דו זאָלסט חתונה האָבן. דו הערסט? זיי רעכענען, אַז דו וועסט חתונה האָבן וועסטו ווערן לייַטישער. פאַרשטעהסט?

— פאַרוואָס זאָל מען ניט פאַרשטעהן.

— נו, יאָ. איך מיין, אַז מ׳וואָלט דיר בעסער באַדאַרפט גוט אַרייַננעמען אין די הענט אַרייַן - נאָר דאָס איז שוין זייער זאַך. איז וואָס? באַשטעהסטו? קאַפּיטאַן האָט זיך ברייט צעשמייכלט.

— חתונה האָבן איז אַ גוטע זאַך פאַר אַ מענשן, גאַווארילע אַנדרייאַיטש; און איך— אָך! מיט מייַן שענסטן פאַרגעניגן.

— ני, יאָ,—האָט גאַווארילע אָפּגעענטפערט, און בייַ זיך האָט ער אַ טראַכט געגעבן: „מ׳קאָן נישט לייקענען, דער מענש רעדט צו דער זאַך״.—נאָר אָט וואָס—האָט ער צוגעגעבן אויף אַ קול, —אַ כּלה האָט מען דיר צוגעזוכט ניט פון די אַנטיקן?

— ווער איז, למשל, מיט רעשפּעקט צו וויסן?

— טאַטיאַנען.

— טאַטיאַנען?

קאַפּיטאַן האָט אויסגעגלאָנצט די אויגן און זיך אָפּגערוקט פון דער וואַנד

— נו וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן? זי איז דיר ניט צום האַרצן?

— וואָס פאַר אַ נישט צום האַרצן, גאַווארילע אַנדרייאַיטש! נישקשה פון אַ מויד, אַ האָראָפּאַשנע, אַ שטילע מויד... אָבער איר ווייסט דאָך אַליין, גאַווארילע אַנדרייאַיטש, אָט יענער שד, ער איז דאָך אין איר... דער באָק...

*) פּעטערבורג.

— איך ווייס, ברודער, איך ווייס הַאַ—האָט אים דער עקאָנאָם איבערגעשלאָגן — אָבער. . .—אָבער גאָט איז מיט אײַך, גאַווריִלע אַנדרייאַיטש! ער וועט מיך דאָך דערהרגענען, בנאמנות דערהרגענען, צעקוועטשן, ווי אַ פליג. עפּעס האָט ער דאָך אַ הענטעלע, איר מעגט אַזוי גוט זײַן אַליין אַ קוק טון, וואָס פאַר אַ הענטעלע ער האָט, אַ פּאָר ידים, ווי בײַ מינין און פּאָזשאַרסקין.*) ער איז דאָך טויב, האַקט ער אין הערט נישט ווי ער האַקט! עפּעס נאָר ווי פון שלאָף פאכעט ער מיט שטיקער קולאַקעס. אײַנשטילן אים—פּרוב נאָר! וואָס איז? איר ווייסט דאָך אַליין, גאַווריִלע אַנדרייאַיטש, אַז ער איז אַ טויבער, און נאָך דערצו אַ פערדאַטש. דאָס איז דאָך אַזאַ חיה, אַזאַ גולם, גאַווריִלע אַנדרייאַיטש, נאָך ערגער ווי אַ גולם.. אַ מין קלאָץ איינע... פאַר וואָסזשע זאָל איך איצט איבערגעהן אויף זײַנע הענט? ס'פאַרשטייט זיך, מיר איז איצט אַלץ איינס: אַ מענש האָט זיך אָפּגעטראָגן, זיך אָנגעליטן, פאַרשמאָלצעוועט געוואָרן, ווי אַן אַלטער טאָפּ—אָבער אַ מענש בין איך דאָך, ניט אַ ליי-מענער טאָפּ.

— כ'ווייס, כ'ווייס, צעלייג זיך ניט אַזוי...

— גאָט מײַן גאָט! האָט דער שוסטער ווײַטער גערעדט מיט היץ:—ווען זשע וועט עס נעמען אַ סוף? ווען? גאָט איינער! ס'און אומגליקליכער, וואָס איך בין! אַ מזל, נאָר אַ טראַכט צו טון, ס'אַראַ מזל איך האָב! אין דער בלוט־יוגנט האָב איך געכאַפּט קלעפּ פון דעם בעל הבית, דעם דײַטש; אין דער בעסטער רייף פון מײַנע יאָרן האָבן מיך אייגענע מענשן געשלאָגן, צום סוף שוין, אין די יאָרן, צו וואָס איך האָב זיך דערלעבט...

— אַ, די קלאָטשענע נשמה איינע, — האָט גאַווריִלע אַ זאָג געטון.—וואָס האָסטו זיך אַזוי צעלאָזט, זעה נאָר?

— וואָס הייסט, וואָס, גאַווריִלע אַנדרייאַיטש ?—ניט די קלעפּ שרעקן מיך, גאַווריִלע אַנדרייאַיטש. שטראָף מיך הארעלע אין שטוב, נאָר ווײַז מיר אַ פריילעך פנים פאַר מענשן, האָב איך נאָך אַלץ אַ פנים פאַר לײַטן; אָבער דאָ פון ווען ס'קומט אויס...

ני, אַרויס,—האָט אים גאַווריִלע אומגעדולדיג איבערגעשלאָגן.

קאַפּיטאַן האָט זיך אָפּגעקערעוועט און האָט זיך אָפּגעטראָגן

— און לאָמיר זאָגן, אַז ער וואָלט נישט זײַן,—האָט אים דער עקאָנאָם נאָכגעשריגן, — דו אַליין באַשטעהסט?

— איך זאָג אַ וואָרט, —האָט קאַפּיטאָן געענטפערט און איז אַוועקגעגאַנגען. שפּראָך האָט אים נישט פאַרפעלט אַפילו אין די ערגסטע פאַלן.

דער עקאָנאָם איז זיך עטליכע מאָל אַדורכגעגאַנגען איבערן צימער.

— ני, רופט איצט אַרײַן טאַטיאַנען,—האָט ער באַפוילן. אין אַ ווײַלע אַרום איז טאַטיאַנאַ שטיל אַרײַנגעקומען און געבליבן שטעהן בײַ דער שוועל.

— וואָס וועט איר הייסן, גאַווריִלע אַנדרייאַיטש,—האָט זי שטיל געזאָגט.

דער עקאָנאָם האָט אויף איר אַ שאַרפן בליק געטון.

— ני טאַטיאַנע,—האָט ער געזאָגט,— ווילסט חתונה האָבן? די פּריצע האָט דיר אַ חתן צוגעזוכט.

*) צווייי רוס־שע היסטאָרישע העלדן

— איך פֿאָלג, גאַווריליִע אַנדרייאיטש, און וועמען הייסן זיי מיט נעמען פֿאַר א חתן?
— האָט זי קוים אויסגערעדט.

— קאַפּיטאַן דעם שוסטער.

— איך פֿאָלג.

— ער איז אַווינט אין פֿעלד, דאָס איז אמת, נאָר די פּריצע פֿאַרלאָזט זיך אויף דיר

— איך פֿאָלג

— איין צרה נאָר... אָט דער טויבער, גאַראַסקא, ער פֿאַדעט דאָך אַרום דיר. וואָס האָסטו אים אַזוינס אָפּגעטאָן דעם בער? איך האָב מורא ער וועט דיך דערהרגענען, אָט דער בער איינער...

— ר'וועט דערהרגענען, גאַווריליִע אַנדרייאיטש, אָ, ער וועט דערהרגענען.

— ר'וועט דערהרגענען... נו, דאָס וועלן מיר נאָך זעהען. וואָס הייסט ר'וועט דערהרגענען? ער טאָר דען דיר האַרגענען, זאָג אַליין?

— איך ווייס נישט, גאַווריליִע אַנדרייאיטש, צי טאָר ער, צי ניט.

— קוק זי נאָר אָן! דו האָסט דאָך יענעם גאָרנישט ניט צוגעזאָגט...

— וואָס וועט איר באַפֿוילן?

דער עקאָנאָם האָט צוגעשוויגן און אַ טראַכט געגעבן: —„ס'אַ שטילע נשמה, וואָס די ביזט!”—נו גוט—האָט ער געזאָגט אין דערהויך—מירן נאָך איבעררעדן מיט דיר און איצט געה טאַניושא, איך זעה דו ביזט אַ פֿרומע נשמה.

טאַטיאַנע האָט זיך אויסגעקערעוועט, זיך לייכט אָנגעשפּאַרט צו דער אויבערשוועל פֿון דער טיר און איז אַוועקגעגאַנגען.

„און אפשר וועט די פּריצע מאָרגן גאָר פֿאַרגעסן אין דער דאָזיגער חתונה—האָט דער עקאָנאָם אַ טראַכט געגעבן,—וואָס האָב איך זיך אַזוי צעקאָכט! דעם ווילדן יונג וועלן מיר איינשפּאַנען. טאָמער עפּעס וואָס—גיבן מיר צו וויסן פּאָליציי”...

— אוסטיניאַ פֿעדאָראָוונא—האָט ער הויך אַ געשריי געטון צו זיין ווייב;—שטעל נאָר, זיי מוחל, דאָס סאַמאָוואַרל.

טאַטיאַנע איז כמעט דעם גאַנצן טאָג ניט אַרויסגעגאַנגען פֿון דער וואַש-שטוב. לכתחילה האָט זי געהאָט אַ כליפּע געטון, דערנאָך האָט זי אָפּגעווישט די טרערן און האָט זיך גענומען ווי פֿריהער פֿאַר דער אַרבעט. קאַפּיטאַן איז ביז שפּעט אין דער נאַכט געזעסן אין טראַקטיר מיט עפּעס אַ כמורן חבר און האָט אים אַלצדינג אויסדערצעהלט, —ווי אַזוי ער האָט געלעבט אין פּיטער ביי אַ פּריץ, יענער אַ מענש—אַ וועלט וואָלט ער אויסגעגנ'מען, האָט ער אָבער שטאַרק געקוקט אויף אָרדנונג און דערצו איז ער אַביסל געוועזן שטאַרק געכאַפּט אין דער מעשה, שטאַרק גוסטירט צום ביטערן טראָפּן, און אַקעגן ווייבערשקייט דאָ האָט ער אָנגעשפּאַרט אין אַלע מדרגות... דער כמורער חבר האָט אים נאָר צוגעבאָמקעט. נאָר אַז קאַפּיטאַן האָט צום סוף ערקלערט, אַז ער מוז איבער אַ סיבה זיך מאָרגן אַ מעשה אָנטון, האָט דער כמורער חבר באַמערקט, אַז ס'איז שוין צייט שלאָפֿן. און זיי זיינען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען ברוגז און שווייגנדיג.

דעם עקאָנאָמס האָפּענונגען זיינען דערווייל נישט מקוים געוואָרן, דער געדאַנק התונה צו מאַכן קאַפּיטאַנען איז אַזוי געפעלן דער פּריצע, אַז זי האָט אַפילו ביינאַכט גע-האַלטן אין איין רעדן דערפון מיט איינער אַ קאָמפּאַניאָנקע, וועלכע זי האָט גע האַלטן אין שטוב נאָר אויף אַ פאַל, ווען ס׳שלאָפט זיך איר נישט; יענע פלעגט דעריבער, ווי אַ נאַכט-שמייסער שלאָפן ביים טאָג. אַז גאָווערילע איז צו איר אַריינגעגאַנגען נאָך דער טיי מיטן ראַפּאָרט, איז די ערשטע פראַגע אירע געווען! „וואָס הערט זיך מיט אונזער חתונה, ס׳געהט?״ ער, פאַרשטעהט זיך האָט געענטפערט, אַז ס׳געהט, וואָס בעסער קאָן ניט זיין, און אַז קאַפּיטאַן וועט נאָך היינט קומען צו איר גנאד. די פּריצע איז עפּעס געווען ניט מיט אַלעמען; זי האָט זיך נישט לאַנג פאַרנומען מיט געשעפט-זאַכן. דער עקאָנאָם האָט זיך אומגעקערט צוריק אַהיים און האָט צונויפגערופן אַ ראָט: מ׳האָט באַדאַרפט האָבן אַ שטאַרקן ישוב. טאַטיאַנע האָט זיך געוועהנליך ניט געעקשנט, נאָר קאַפּיטאַן האָט גע-שריגן, אַז ער האָט מער נישט ווי איין קאָפּ, ניט קיין צוויי—און ניט קיין דריי. געראַסים האָט אָנגעברוגזט און שאַרף געקוקט אויף אַלעמען, איז ניט אָפּגעטראָטן פונם גאַניק פון דער מויד-שטוב. עס האָט זיך געדוכט, ער שטויסט זיך אָן, אַז דאָ וויל מען אים עפּעס אָפּטון. די פאַרזאַמלטע (צווישן זיי איז געווען דער אַלטער בופעטמייסטער מיטן צונאָמען פעטער כוואָסט, צו אים פלעגן זיך אַלע ווענדן מיט דרך ארץ נאָך אן עצה כאָטש מ׳פלעגט פון אים נישט מער הערן ווי: אַזוי? יאָ, יאָ,)—האָבן פריהער פאַר אַלץ פאַרשפּאַרט קאַפּי-טאַנען אויף יעדן פאַל, פון זיכערקייט וועגן, אין אַ קעמערל, וואו ס׳איז געשטאַנען די מאַ-שין צום לייטערן וואַסער, און האָבן זיך גענומען שטאַרק ישובן וועגן דער זאַך. פאַרשטעהט זיך געראַסימען וואָלט מען געקאָנט גובר זיין מיט גוואַלט, אָבער גאָט באַהיט!—ס׳קאָן נאָך ווערן אַ געפילדער, ס׳וועט דערלאַנגען צו דער פּריצע, איז הימל עפן זיך! וואָס טוט מען? האָט מען געטראַכט און געטראַכט, ביז מ׳האָט צוגעטראַכט. מ׳האָט געוואוסט, אַז געראַסים קאָן ניט פאַרטראָגן קיין שיכורים... זיצנדיג ביים טויער, פלעגט ער זיך אַלע מאָל אָפּ-קערעווען מיט עקל, ווען פאַר אים איז דורכגעגאַנגען עמיצער מלא, מיט ניט קיין זיכערע טריט און מיטן דאַשעק פאַרדרעהט; איז געבליבן איינרעדן טאַטיאַנען זיך פאַרשטעלן פאַר אַ שיכורער און דורכגעהן פאַרביי געראַסימען געשאָקלט זיך, פאַלנדיג פון די פיס. די מויד נעבעך האָט זיך לאַנג געעקשנט, נאָר מ׳האָט איר איבערגערעדט; זי אַליין האָט אויך איינגעזעהן, אַז אַנדערש וועט זי זיך ניט אָפּטשעפּען פון איר פאַרליבטן. קאַפּיטאַנען האָט מען אַרויסגעלאָזט פון קעמערל: די זאַך איז דאָך פאָרט נוגע אים. געראַסים איז געזעסן אויף אַ קלעצל ביים טויער און געקלאַפּט מיט דער לאָפּאַטע אין דער ערד... פון אַלע שפּאַלטן, פון אַלע פאַרהאַנגען האָט מען געקוקט אויף אים...

דאָס שפּיצל האָט אָפּגעגאָלטן, וואָס בעסער דאַרף מען ניט. דערזעהן טאַטיאַנען, האָט ער צוערשט, ווי געוועהנליך, אַ מאַך געטון מיטן קאָפּ מיט אַ פריינטליך מרוקן, דערנאָך האָט ער זיך אומגעקוקט, האָט די לאָפּאַטע פון האַנט אַרויסגעלאָזט, איז אויפגעשפּרונגען, צוגעגאַנגען צו איר, האָט צוגערוקט זיין פנים האַרט צו אירן... פאַר שרעק האָט זי נאָך שטאַרקער גענומען פאַלן פון די פיס און האָט צוגעמאַכט די אויגן. ער האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט, זיך אַ יאָג געטון מיט איר איבערן גאַנצן הויף, איז אַריין מיט איר אין

דער שטוב, וואו דער ראַט האָט אָפּגעהאַלטן זײַן זיצונג, און האָט זי אַ שטיפּ געטון גלײַך צו קאַפּיטאַנען... טאַטיאַנע איז געבליבן אַ טויטע... געראַסים איז געשטאַנען אַ ווײַלע, אַ קוק געגעבן אויף איר, אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, אַ שמייכל געגעבן און איז אַוועק מיט שווערע טריט צו זיך אין קעמערל. אַ גאַנצן מעת-לעת איז ער פון דאָרט ניט אַרויס געגאַנגען. דער פאַררייטער אַנטיפּקע האָט. דערנאָך דערצעהלט, אַז ער האָט דורך אַ שפּעלטעלע געזעהן, ווי געראַסים איז געזעסן אויפן בעטל, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט, און האָט זיך שטיל צוגעזונגען ווי דער שטייגער, זעלטן מרוקנדיג, דאָס הייסט, ער האָט זיך געשאָקלט, די אויגן פאַרמאַכט און האָט אַלע מאָל אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ, אַזוי ווי די שמײַסערס אָדער בורלאַקעס, ווען זיי הויבן אָן צו זינגען זייערע טרויעריגע לידער.

אַנטיפּקען איז געוואָרן שרעקנדיג, איז ער אַפּ פון דעם שפּעלטעלע. אויף מאָרגן אָבער, אַז געראַסים איז אַרויסגעגאַנגען פון זײַן קעמערל, האָט מען אויף אים ניט געקאָנט באַמערקן קײַן שטאַרקע ענדערונג; ער איז נאָר געוואָרן עפּעס ווי כמורער, און האָט אויף טאַטיאַנען און קאַפּיטאַנען אַפּילו קײַן קוק ניט געגעבן. דעם זעלבן אָוונט זײַנען זיי ביידע אַוועק צו דער פריצע מיט גענז אונטער די אָרעמס, און אין אַ וואָך אַרום האָבן זיי חתונה געהאַט.

דעם טאָג פון דער חתונה האָט געראַסים מיט גאָרנישט געענדערט זײַן פירונג; נאָר פונם טײַך איז ער געקומען אָהן וואַסער: ער האָט עפּעס אומגערן צעבראָכן אויפן וועג דאָס פעסל, און אויף בײַנאַכט האָט ער אַזוי פלײַסיג גערייניגט און געבערשטעלט זײַן שטאַל, זײַן פערד, אַז דאָס האָט זיך אַזוי געטרייסלט, ווי אַ גרעזעלע פון ווינט, און האָט זיך איבערגעבויגן פון איין פוס אויף דער אַנדערער אונטער זײַנע אײַזערנע פויסטן.

דאָס איז אַלץ געשעהן פריהיאָר. עס איז אַריבער נאָך אַ יאָר. פאַר דער צײַט האָט זיך קאַפּיטאָן גאָר אַרײַנגעלאָזט אין שיכרות, האָט מען אים, דעם טויגעניכטס אָפּגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט פורן אין אַ ווײַטן דאָרף צוזאַמען מיט זײַן ווײַב. דעם טאָג פון אָפּפאָרן האָט ער געהאַט לכתּחילה זיך געבֿריה׳ט און געטענהט, אַז שיק אים וואוהין דו ווילסט, אַפּילו דאָרטן, וואו ווײַבער וואַשן העמדער און פאַרלעגן די פרענטעס אויפן הימל, וועט ער אַלץ ניט פאַרפאַלן ווערן; נאָר דערנאָך איז ער בײַ זיך אַראָפּגעפאַלן, האָט גענומען זיך קלאָגן, וואָס מען פירט אים צו מענשן נישט קײַן געבילדעטע, און צולעצט האָט ער זיך אַזוי אָפּגעלאָזט, אַז ער האָט אַפּילו זײַן אייגענע היטל ניט געקאָנט אָנטון, עפּעס אַ פרומע נשמה האָט אים די היטל אָנגערוקט אויפן שטערן, צורעכט געמאַכט דעם דאַשעק און איבן צוגעפּלעצט. ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט, און די פויערים האָבן שוין גע-האַלטן די לייצעס אין די הענט מ׳האָט נאָר געוואַרט אויפן: „זײַ געזונט״ איז געראַסים אַרויסגעקומען פון זײַן קעמערל, איז צוגעגאַנגען צו טאַטיאַנען און האָט איר געשענקט אַ באַטיזניע אַ רויט ציצן טיכל, וואָס ער האָט טאַקע פאַר איר געקויפט נאָך פאַראַיאָרן. טאַ-טיאַנע וואָס ביז אַהער האָט זי מיט גרויס גלײַכגילטיגקײַט איבערגעטראָגן אַלץ, וואָס מיט איר האָט פּאַסירט, האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן, זי האָט זיך צעוויינט און זיצנדיג אין וואָגן האָט זי מיט אַ קריסטליך געמיט דרײַ מאָל צעקושט זיך מיט געראַ-סימען. ער האָט געוואָלט זי אַרויס באַלייטן ביז דעם שלאַגבוים און האָט זיך געוועון גע

לאָזט געהן באַגלייך מיט איר וואָגן, נאָר פּלוצים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביים טייך-איבערפאָר, האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און זיך אַוועקגעלאָזט לענג—אויס דעם טייך.

דאָס איז געווען אָוונט צו. ער איז געגאַנגען שטיל און האָט געקוקט צו דעם וואַסער, פּלוצים האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז עפּעס צאַפּלט אין שלאם ביים סאַמע ברעג. ער האָט זיך אָנגעבויגן און דערזעהן אַ קליין הינטל, אַ ווייס מיט שוואַרצע פלעקן, וואָס האָט זיך געבאָרעט, געמאַטערט און דאָך נישט געקאָנט אַרויסקריכן פונם וואַסער, דאָס הינטל האָט זיך געוואָרפן, געגליטשט זיך און געציטערט מיט אַלע נאַסע מאָגערע גלידער.

געראַסים האָט אַ קוק געגעבן אויפן הינטל נעבען, האָט דאָס אונטערגעכאַפּט מיט זיין האַנט, פאַרשטעקט צו זיך אין בוזים און איז אַוועק מיט ברייטע שפאַן אַהיים. ער איז אַריין צו זיך אין קאַמערל, האָט אַוועקגעלעגט דאָס געראַטעוועטע הינטל אויף דער בעט, צוגעדעקט דאָס מיט זיין שווערן ארמיאַק, האָט זיך אַריינגעכאַפּט פריהער אין שטאַל נאָך שטרוי, דערנאָך אין קיך אַריין נאָך אַ טעצעלע מילך; פאַרזיכטיג האָט ער אַראָפּגענומען דעם אַרמיאַק, אויסגעבעט די שטרוי און אַוועקגעשטעלט די מילך אויפן בעט. דאָס הינטל איז אינגאַנצן אַלט געווען אַ וואָך דריי,—נישט לאַנג, אַז דאָס האָט די אויגן געעפנט, איין אייגל האָט אויסגעזעהן אַביסל גרעסער פאַרן צווייטן; ס'האָט נאָך ניט געקענט טרינקען פון טעצעלע און האָט געהאַלטן אין איין טרייסלען זיך און זשמורען מיט די אויגן. געראַסים האָט דאָס פּאַוואָלי אָנגענומען מיט צוויי פינגער פאַרן קעפּל און האָט צוגעבויגן דאָס פּיסקל צו דער מילך, דאָס הינטל האָט מיט אַמאָל אָנגעהויבן דורשטיג טרינקען, האָט געפּאַרסקעט, זיך געטרייסלט און פאַרכלינעט. געראַסים האָט געקוקט און געקוקט און פּלוצלינג אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער... אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געהאַט מיט דעם צוטון, האָט דעם איבערגעבעט און דאָס געווישט, צום סוף אַליין אַנשלאָפן געוואָרן נעבן דעם—עפּעס אַ ליבליכן, שטילן שלאָף.

קיין מאַמע האָט נישט אַזוי געצערטלט איר אַ קינד, ווי געראַסים זיין הינטל. (דאָס הינטל, האָט זיך אַרויסגעוויזן איז געווען אַ צויג). די ערשטע צייט איז דאָס הינטל געווען זעהר שוואַך, קרענקליך און ניט שעהן; ביסלאַכווייז אָבער האָט עס זיך געשטאַרקט און איז אונטערגעוואַקסן, איז דאָס אין אַ חדשים אַכט אַרום, אַדאַנק געראַסימס שטענדיגע השגחה, געוואָרן זעהר אַ וואויל שפּאַניש הינטל מיט לאַנגע אויערן, מיט אַ פּאַכיגן עק, ווי אַ טרומייט און מיט גרויסע קלוגע אויגן. דאָס הינטל האָט זיך שטאַרק צוגעבונדן צו געראַסימען, און איז פון אים ניט אָפּגעטראָגן אויף אַ טריט; ס'איז אים כסדר נאָכגעגאַנגען, דרעהענדיג מיטן עק. ער האָט דעם אויך אַ צונעמעניש געגעבן—שטומע ווייסן, אַז צו זייער מרוקען הערט מען זיך צו—ער האָט דעם אַ נאָמען געגעבן מומו.

אַלע שטוב—מענשן האָבן דאָס ליב געקראָגן און האָבן דאָס אויך גערופן מומוניע. עס איז געווען שטאַרק קלוג, האָט זיך צו אַלעמען געלאַשטשעט, אָבער ליב געהאַט האָט עס נאָר געראַסימען.

געראַסים אַליין האָט דאָס אויך זעהר ליב געהאַט... און אים איז געווען ניט צום האַרצן, ווען עמיצער אַנדערש האָט עס געגלעט: צי האָט ער געציטערט איבער דעם, צי ער האָט ניט פאַרגינגען יענעם—גאָט ווייסט! נאָר גאָט אַליין! דאָס הינטל האָט אים געוועקט

יעדן פריהמאָרגן, צופענדיג אים פאַר דער פאָלע, פלעגט אים ברענגען צופירן פאַר דער צוים די אַלטע וואַסערפירערין (מיט איר איז דאָס הינטל געוואָרן שטאַרק באַפריינדעט), פלעגט זיך אָוועקלאָזן מיט חשיבות מיט אים אינאיינעם צום טייך, האָט געהיט דעם בעזים מיט דער לאָפּעטע, קיינעם ניט צוגעלאָזט צו דעם קעמערל. ער האָט אימיסטן אויסגעשניטן פאַר דעם אַ לאָך אין זיין טיר, אין דאָס הינטל האָט ווי געפילט, אַז נאָר ביי גראַ־סימען אין קעמערל איז דאָס געווען דער גאַנצער בעל־הבית, און דעריבער פלעגט עס, תיכף ווי ס'פלעגט אַריינקומען אַהין, צופרידן אַרויפשפרונגען אויפן בעט. ביינאַכט פלעגט עס כלל ניט שלאָפן, אָבער ס'האָט ניט געבילט סתם אין דער וועלט אַריין, ווי אַנ'אַנדער נאַרישער היפּ־הונט, וואָס זעצט זיך צו אויף די הינטערשטע לאַפּעס, פאַררייסט די מאָרדע, פאַרזשמורעט די אויגן און בילט פשוט פון לייגנווייליגקייט, אַזוי זיך אויף די שטערן, און געוויינטליך דריי מאָל נאָכאַנאַנד—ניין מומוס דין קול האָט זיך קיינמאָל ניט געלאָזט הערן אומזיסט! אָדער אַ פרעמדער איז נאָהנט צוגעקומען צום פאַרקן, אָדער ערגעץ וואו האָט זיך אויפגעהויבן א חשד'יגער גערויש צי אַ שאָראָך... הכלל, ער האָט אויסגעצייכנט געהיט. אמת, אויסער דעם איז נאָך געווען אויפן הויף אַן אַלטער כלב פון אַ געלער מראה מיט שוואַרצ־ברוינע פריינקעלאַך, וואָלטשאָק האָט ער געהייסן, נאָר יענעם פלעגט מען קיינמאָל, אפילו ביינאַכט, נישט אָפּלאָזן פון דער קייט, און ער אַליין האָט איבער שטאָק־אַלטקייט אויך ניט געמאָנט קיין פריי—איז זיך געלעגן צונויפגעקנוילט אין זיין לאך און נאָר זעלטן ווען פלעגט ער אַרויסלאָזן אַ הייזעריגן ביל, כמעט ניט צו דערהערן, און באַלד אויפהערן, פונקט ער אַליין וואָלט פילן, אַז ס'איז גאָר איבעריג. אין דער פריצעס הויז פלעגט זיך מומו נישט ווייזן, און ווען געראַסים פלעגט טראָגן האָלץ אין די שטיבער אַריין, איז מומו שטענדיג געבליבן הינטן און אומגעדולדיג געוואַרט אויף אים ביים גאַניק, אָנגעשפיצט די אויערן און געדרעהט מיטן קאָפּ אויף רעכטס און אויף לינקס ביי דעם קלענסטן קלאַפּ פון יענער זייט טיר.

אַזוי איז אַריבער נאָך אַ יאָר. געראַסים האָט זיך געטון זיין אַרבעט אין הויף און איז זעהר צופרידן געווען מיט זיין מזל; מיט אַמאָל האָט זיך געטראָפן אַ סבה: איין שיינעם זומער טאָג, איז די פריצע אַרומגעגאַנגען איבער דעם גאַסטצימער מיט אירע קעסט פרויען, זי איז געווען גוט געשטימט, האָט געלאַכט און געוווערטלט זיך; די קעסט פרויען האָבן אויך געלאַכט און געוווערטלט זיך, נאָר שטאַרק פרעהליך זיינען זיי נישט געווען; אין שטוב האָט מען נישט שטאַרק ליב געהאַט, ווען אויף דער פריצע איז אָנגעקומען אַ פרעהליכע שעה: ערשטנס פלעגט זי דעמאָלט פאָדערן, אַז אַלע זאָלן באַלד פרעהליך ווערן, און איז ברוגז געווען ווען עמיצנס פנים האָט נישט געשיינט פאַר פרייד; צווייטנס, פלעגן די דאָזיגע פלוצליכע בלאָזן פרייד ניט לאַנג געדויערן און פלעגן, געוויינטליך, אַריבער אין אַ פינסטערער און זויערער שטימונג. יענעם טאָג איז זי עפּעס גליקליך אויפגעשטאַנען; אויף די קאָרטן איז איר אויסגעפאַלן פיר אויבערס, אַ סימן, אַז איר וואונש וועט מקוים ווערן (זי פלעגט שטענדיג אין דער פריה וואַרפן קאָרטן)—און די טיי האָט זיך איר אויסגעוויזן אויסערסט געשמאַק, דערפאַר האָט די שטוב מויד באַקומען אַ דאַנק מיט אַ גריוונע. די פריצע האָט אומשפאַצירט מיט אַ זיס שמייכעלע אויף די צעקנייטשטע ליפּן איבער דעם גאַסטצימער

און איז צו צום פענסטער. פאַרן פענסטער איז געווען פאַרפלאַנצט אַ גערטל, און אויף ד ער סאַמע מיטעלסטער בייט, אונטערן רויזן-שטאַק, איז געלעגן מומו און האָט פלייסיג געריזעט אַ ביין. די פריצע האָט דערזעהן דאָס הינטל.

— גאָט מיינער! האָט זי פלוצעם אויסגעשריען:—וואָס איז דאָס פאַר אַ הינט?

די קעסט-פרוי, וואָס די פריצע האָט זיך געווענדעט צו איר, איז נעבאַך צעטומלט געוואָרן און דערפילט אנגסטן פון אַ מענשן, וואָס איז ביי יענעם אין די הענט, ווען ער ווייסט נאָך ניט רעכט, וואָס באַטייט דעם באַפעלערס אויסגעשריי.

— כ'ווייס נישט—האָט זי אַ מורמל געטון—דוכט זיך דעם שטומענס.

— גאָט מיינער!—האָט די פריצע איר איבערגעשלאָגן:—דאָס איז דאָך אַזאַ שיין הינטל! הייסט דאָס אַריינברענגען שוין לאַנג איז דאָס ביי אים? פאַרוואָס זשע האָב איך דאָס ביז אַהער נישט געזעהן?

הייסט עס אַריינברענגען.

די קעסט-פרוי איז תיכף אַרויסגעפלייגן אין פאָרהויז אַריין

— משרת, משרת! — האָט זי זיך צושריען—ברענגט אַריין וואָס גיכער מומו'ן! ס'איז אין גערטל.

— אָ, ס'הייסט מומו—האָט די פריצע אַזאָג געטאָן.

— זעהר אַ שיינער נאָמען

— אָ, זעהר אַ שיינער—האָט די קעסט-פרוי אָפגעענטפערט.

— סטעפּאַן, גיכער!

סטעפּאַן, אַ געזונטער יונג, וואָס האָט פאַרנומען די שטעלע פון אַ לאַקיי הזט זיך אַ לאָז געטון העדדום-פענדום אין גערטל אַריין, אַכאַפּ טון מומון, דער הונט אָבער האָט זיך געשיקט אויסגעדרעהט פון זיינע הענט, האָט פאַרריסן דעם עק און איז אַוועק פייל-אויסן בויגן צו געראַסימען, וואָס האָט דעמאָלט אויסגעקלאַפּט און אויסגעטרייסלט בי דער קיך די פאַס, און געדרייט זי אין די הענט, ווי אַ קינדערש פייקל. סטעפּאַן איז אים נאָכ-געלאָפן און גענומען כאַפּן סאַמע ביים בעל הבית'ס פיס. אָבער דער פריטקער הונט האָט זיך ניט געלאָזט, איז געשפרונגען און זיך אויסגעדרייט. געראַסים האָט מיט אַ שמייכל געקוקט אויף דעם דאָזיגן געיעג. צו לעצט האָט זיך סטעפּאַן מיט פאַרדראָס אויפגעהויבן און אויף גיך ערקלערט געראַסימען אויפן וואונק, אַז די פריצע, הייסט עס, פאַדערט דאָס הינטל צו זיך. געראַסים האָט זיך אַביסל פאַרחדושט, פונדעסטוועגן האָט ער צוגערופן מומון, אויפגעהויבן דעם הונט פון דער ערד און איבערגעגעבן סטעפּאַנען. סטעפּאַן האָט אים געבראַכט צוטראָגן אין גאַסטצימער אַריין און אים אַוועקגעשטעלט אויפן פאַרקעט די פריצע האָט גענומען רופן דעם הונט מיט אַ פריינטליך קול צו זיך. מומו, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אין אַזוינע רייכע צימערן, האָט זיך זייער דערשראָקן און האָט זיך געווען אַוועק געטון צו דער טיר, נאָר אָפּגעשטופּט פון סטעפּאַנען, האָט ער אָנגעהויבן צו ציטערן און האָט זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט.

— מימו, מומו, קום נאָר אַהער צו מיר, געה צו צו דער פריצע,—האָט די ב'ל. הביתטע געזאָגט,—קום אַהער נאַרעלע... האָב קיין מורא ניט..

— געה צו, געה צו, מומו, צו דער פריצע,—האָבן די קעסט פרויען נאָכגעזאָגט,— געה צו!

מומו אָבער האָט מיט אנגסטן זיך אַרומגעקוקט און זיך נישט גערירט פון אָרט.

— ברענגט אים עפּעס עסן—האָט די פּריצע געזאָגט: ס'אַנאַרישער הונט דאָס איז! ער געהט נישט צו דער פריצע, וואָס האָט ער מורא?

— זיי זיינען נאָך נישט צוגעוועהנט געוואָרן,—האָט איינע אַ קעסט פרוי אַזאָג געטון זיס—שעמעוודיג.

סטעפּאַן האָט געבראַכט אַ שאָל מילך, האָט אַוועקגעשטעלט פאַר מומו'ן, נאָר מומו האָט אפילו אַ שמעק נישט געטון די מילך, האָט אַלץ געציטערט און זיך אַרומגעקוקט, ווי פריהער.

— אך, ס'אַראַ מין דו ביזט! האָט די פּריצע געזאָגט, איז צו צו אים, האָט זיך אָנגעבויגן און געוואָלט אים אַ גלעט טון; נאָר מומו האָט קראַמפּיג אומגעדרעהט דעם קאָפּ אין האָט אויסגעשטשערעט די ציין. - די פריצע האָט פלינק צוגעכאַפּט די האַנט.

ס'איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרן. מומו האָט אַ שוואַכן קוויטש געטון, ווי ער וואָלט זיך געקלאָגט און פאַרענטפערט זיך... די פריצע איז אַפּ און האָט זיך אָנגעברוגזט, זי האָט זיך איבערגעשראָקן פאַרן הונט.

אַך!—האָבן אַלע קעסט-פרויען מיט אַמאָל אויסגעשריען: - האָט ער אייך, חלילה ניט קיין ביס געטון? (מומו האָט זיך קיינמאָל ניט געביסן) - אַך, אַך!

— זאָל מען אים אַרויסטראָגן פון דאַנען—האָט די פריצע אַזאָג געטון מיט אַ פאַר-ענדערטן קול,—אַ מיאוס הינטל! אַ מין בייזס!

— זי האָט זיך פּאַוואָלי אויסגעקְערוועט און געלאָזט זיך געהן צו זיך אין קאַבינעט אַריין. די קעסט פרויען האָבן באַאומרוהיגט זיך איבערגעקוקט, האָבן געוועון געלאָזט זיך איר אָכגעהן, נאָר זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט קאַלט אַקוק געטון אויף זיי אי'ן געזאָגט: „צו וואָס? איך רוף דאָך אייך נישט,—און איז אָפּ.

די קעסט-פרויען האָבן פאַרצווייפלט געוּומען מאַכן מיט די הענט אויף סטעפּאַנען; יענער האָט אַ כאַפּ געטון מומון און אים באַלד אַרויסגעוואָרפן פון יענער זייט טיר גלייך צו גנראַסימ'ס פיס,—אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט שוין אין שטוב געהערשט אַ טיפע שטייקייט, און די אַלטע פריצע איז געזעסן אויף איר דיוואַן פינסטערער פאַר דער שוואַר-צער כמאַרע.

וואָס פאַר אַ קלייניגקייטן קענען אַמאָל צורידערן אַ מענשן.

ביז סאַמע אָוונט איז די פּריצע געווען שלעכט געשטימט, האָט מיט קיינעם אַ וואָרט נישט גערעדט, האָט נישט געשפּילט אין קאָרטן. און איז שלעכט געשלאָפן די נאַכט. איז איר איינגעפאַלן, מ'האָט איר געגעבן ניט דעם אָדעקאָלאָן, וואָס אַלע מאָל, די קישן אירע שמעקט מיט זייף, און זי האָט געהייסן דער קאַסטעליאַנשע איבערשוועוונקען דאָס גאַנצע וועש,—אַכלל זי איז אויפגערעגט געוועזן און האָט זיך זעהר „געקאָכט". אויף מאָרגן האָט זי געהייסן אַריינרופן גאַווריליען מיט אַ שעה פריהער ווי געוועהנליך.

— זאָג מיר נאָר איך בעט דיך,—האָט זי אָנגעהויבן ווי נאָר יענער האָט, ניט אָן מורא,

אַריבערגעשפּאַנט די שוועל פון איר קאַבינעט: — וואָס פאַר אַ הונט האָט עס ביי אינז אין הויף געבילט אַ גאַנצע נאַכט? ער האָט מיך ניט געלאָזט אַ אויג צו טון?

— אַ הינט... וואָסערער... אפשר דעם שטומנס הינט, — האָט ער אַרויסגערעדט ניט גאָר מיט אַ פעסטער שטים.

— איך ווייס נישט, דעם שטומנס, צי עמיצנס אַנדערשס, נאָר ער האָט מיך ניט געלאָזט שלאָפן. און בכלל וואונדערט מיר, צו וואָס דאַרף מען אַזוי פיל הינט! כ'וואָלט עס וועלן וויסן. ביי אונז איז דאָך פאַראַן אַ הינט אין הויף?

— ווי דען, ס'פאַראַן, וואָלטשאָק.

— נו, וואָס זשע נאָך, צו וואָס דאַרפן מיר האָבן נאָך אַ הינט? גלאַט הינט! ס'איז קיין בעל-הבית ניטאָ אין שטוב, אַזוי איז דאָס. צו וואָס דאַרף דער שטומער אַ הונט? ווער האָט עס אים ערלויבט, געלאָזט האַלטן הינט ביי מיר אויפן הויף? נעכטן גיי איך צו צום פענסטער, און זעה דער הונט ליגט אין גערטל, ריזעט עפעס אַ נבלה, און ביי כיר זיינען דאָרטן רויזן פאַרזעצט...

די פּריצע האָט אַביסל צוגעשוויגן.

— נאָך היינט זאָל ער דאָ מער נישט זיין... הערסט?

— איך הער.

— טאַקע נאָך היינט. אין איצט גייה. צום ראַפּאָרט וועל איך דיך שפּעטער רופן. גאַווירילע איז אַרויס.

דורכגעגאַנגען דעם גאַסט-צימער, האָט דער עקאָנאָם, לשם אָרדנונג, איבערגעשטעלט דאָס גלעקל פון איין טיש אויפן צווייטן, האָט שטילערהייד אויסגעשנאַצט אין זאַל זיין קאַטשקע-נאָז, און איז אַרויסגעגאַנגען אין פאַרהויז. אין פאַרהויז אויף אַ שלאָף באַנק איז געשלאָפן סטעפּאַן מעשה דערהרגעטער סאָלדאַט אויף אַ מלחמה-בילד, קראַמפּיג אויס-עצויגן די הוילע פיס פון הינטערן סורדוט, וואָס האָט אים געדינט פאַר אַ צודעק. דער עקאָנאָם האָט אים צעוועקט און שטילערהייד אים איבערגעגעבן עפעס אַ באַפעל, סטעפּאַן האָט געענטפערט האַלב אַ געגעץ, האַלב אַ געלעכטער. דער עקאָנאָם איז אַוועקגעגאַנגען, און סטעפּאַן איז אויפגעשפּרונגען, האָט אַרויפגעשלעפּט אויף זיך דעם קאַפּטאַן אין די טיוול, איז אַרויסגעגאַנגען און האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים גאַניק. עס זיינען נישט אַריבער קיין פינף מינוט, און געראַסים האָט זיך באַוויזן מיט אַ גוואַלדיג גרויסן בינט האָלץ און דער פּלייצע, באַגלייט פון מומו, וואָס איז נישט אָפּגעטראָטן פון אים. (די פּריצע האָט געהייסן הייצן איר שלאָפצימער און קאַבינעט אפילו זומער). געראַסים האָט זיך געשטעלט מיט דער זייט פאַר דער טיר, האָט זי אַ שטופּ געטון מיט'ן אַקסל, און האָט זיך אַריינגעוואַגערט אין שטוב אַריין מיט זיין משא. מומו איז, ווי געוועהנטליך, געבליבן וואַרטן אויף אים.

דעמאָלט האָט סטעפּאַן אויסגעוואַרט אַ גינסטיגע מינוט, האָט זיך פּלוצעם אַ וואָרף געטון אויפ'ן הונט, ווי אַ שוליק אויף אַ הינדל, האָט אים צוגעדריקט מיט דער ברוסט צו דער ערד, אַרומגעכאַפּט מיטביידע הענט, און איז אָן אַ היטל אפילו אַרויסגעלאָפן פון הויף, האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף דער ערשטער דראָזשקע, וואָס איז אים געקומען אין די אויגן און איז אַוועק אין אָכאָטנע ריאַד.

דאָרט האָט ער גיך אָפּגעזוכט אַ קינה און פֿאַרקויפֿט אים דעם הונט פֿאַר אַ האַלב רובל, נאָר בתנאי, ער זאָל דאָס האַלטן צום קאַרגסטן אַ וואָך אויף אַ שטריקל, און האָט זיך תיכּף אומגעקערט; ניט דערפֿאָרן צום הויז, איז ער אַראָפּ פֿון דער דראָזשקע, איז אַרום דעם הויף פֿון אַ הינטער־געסל, איבערגעשפּרונגען איבערן פֿאַרקאַן אין הויף אַריין; דורך דער טירל האָט ער מורא געהאַט אַריינגעהן, טאָמער וועט ער באַגעגענען גראַסימען.

איבעריגנס איז זיין זאָרג געווען אומזיסט: גראַסים איז שוין נישט געווען אין הויף. ווי ער איז אַרויסגעקומען פֿון שטוב, האָט ער זיך גלייך געכאַפּט, אַז מומו איז נישטאָ. ער האָט ניט געדענקט נאָך אַזאַ פֿאַל, אַז מומו זאָל ניט וואַרטן ביז ער וועט זיך אומקערן. ער האָט אָנגעהויבן אַרומלויפֿן זוכן אים; רופֿן אים אויף זיין שטייגער... האָט זיך אַ וואָרף געטון צו זיך אין קעמערל, אויפֿ'ן היי־בוידים, איז אַרויס אויף דער גאַס, — אַהין — אַהער... פֿאַרפֿאַלן געוואָרן! ער האָט זיך געווענדעט צו מענשן, מיט די פֿאַרצווייפֿלטסטע צייכנס זיך נאָכגעפֿרעגט ביי זיי אויף אים, געוויזן אַ האַלב אַרשין די הויך פֿון דער ערד, געמאָלט אים מיט די הענט... איינע האָבן טאַקע נישט געוואוסט, וואוהין איז מומו אַהינגעקומען און האָבן נאָר מיטן קאָפּ געשאָקלט, אַנדערע האָבן יאָ געוואוסט, און האָבן געשוויגן און צוגעשמייכלט, דער עקאָנאָם האָט געמאַכט זעהר אַן ערנסט פּנים און גענומען שרייען אויף די שמייסערס. דעמאָלט איז גראַסים אַוועקגעלאָפֿן פֿון הויף אַרויס.

עס האָט שוין אָנגעהויבן טונקלען, ווען ער האָט זיך אומגעקערט צוריק. נאָך זיין אויסגעמאַטערט אויסזעהן, נאָך דעם אומזיכערן גאַנג, נאָך די פֿאַרשטויבטע בגדים נאָך, האָט מען געקאָנט רעכענען, אַז ער האָט באַוויזן אויסצולויפֿן האַלב מאָסקווע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פֿאַר די פּריצישע פֿענסטער, האָט געוואָרפֿן אַ בליק אויפֿן גאַניק, וואו ס'האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אַ מאַן זיבן הויפֿדינערס האָט זיך אָפּגעקערעוועט און האָט נאָכאַמאָל אַרויסגעמורקעט: „מומו"! — מומו האָט זיך נישט אָפּגערופֿן. ער איז אַוועק פֿון דאָרט. אַלע האָבן אים נאָכגעקוקט, נאָר קיינער האָט קיין שמייכל נישט געטון, נישט אויסגערעדט קיין וואָרט.

דער נייגעריגער פֿאָררייטער אַנטיפּקע האָט אויף מאָרגן דערצעהלט אין קיך, אַז דער שטומער זאָל האָבן געקרעכצט אַ גאַנצע נאַכט.

אויף מאָרגן האָט זיך גראַסים נישט באַוויזן אַ גאַנצן טאָג. אויף זיין אָרט האָט דער שמייסער געמוזט פֿאָרן נאָך וואַסער, איז געבליבן שטאַרק אומצופֿרידן דערפֿון. די פּריצע האָט געפֿרעגט גאַווריליען צו מ'האָט געטון איר באַפֿעל. גאַווריליע האָט געענטפֿערט, אַז יאָ. אויפֿן צווייטן פֿריהמאָרגן איז גראַסים אַרויסגעגאַנגען פֿון זיין קעמערל אויף דער אַרבעט. צום מיטאָג איז ער געקומען, האָט אָפּגעגעסן און איז ווידער אַוועק, ניט געגריסט זיך מיט קיינעם. זיין פּנים, וואָס איז אַזוי אויך געווען טויט, אַזוי ווי ביי אַלע טויבשטומע, איז איצט עפּעס ווי פֿאַרשטיינערט געוואָרן. נאָך מיטאָג איז ער נאָך אַ מאָל אַוועק פֿון הויף, אָבער נישט אויף לאַנג. האָט זיך אומגעקערט און איז באַלד אַרויף אויפֿן היי־בוידים. עס איז געוואָרן, אַ לבנהדיגע לויטערע נאַכט. גראַסים איז געלעגן און געזיפֿצט שווער, און זיך אַלץ געדרעהט פֿון איין זייט אויף דער צווייטער. פּלוצעם האָט ער דערפֿילט. פּונקט

ווי מ׳וואָלט אים געציפּט פאַר דער פּאָלע; ער איז אינגאַנצן פאַרציטערט געוואָרן, דאָך האָט ער דעם קאָפּ ניט אויפגעהויבן, האָט אפילו די אויגן פאַרזשמורעט... ווידער אַ ציה, נאָך שטאַרקער ווי פריהער, ער איז אויפגעשפּרונגען... פאַר אים האָט זיך געדרעהט מומו מיט אַ שטריקל אויפן האַלז. אן אויסגעצויגענער פרייד געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין שטומער ברוסט; ער האָט אַרומגעכאַפּט מומו, אים שטאַרק צוגעדריקט אין זיינע אָרעמס; מומו האָט אים אין איין מינוט ארומגעלעקט די נאָז, די אויגן, די וואָנסן, די באָרד. ער איז געשטאַנען, געטראַכט אַ ווײלע, איז פאָרזיכטיג אַראָפּגעקראָכן פונ׳ם היי-בוידעם, האָט זיך אַרומגעקוקט און, זיך איבערצייגט, אַז קיינער וועט אים ניט זעהן, האָט ער זיך בשלום דורגעשלייכט צו זיך אין קעמערל. געראַסים האָט זיך נאָך פריהער אָנגעשטויסן, אַז דער הונט איז פאַרפאַלן געוואָרן ניט פון זיך אַליין, אַז מסתמא האָט מען אים אַוועקגעפירט אויף דעם פּריצעס באַפעל. די הויפט מענשן האָבן אים מיט צייכנס געגעבן צו פאַרשטעהן ווי מומו האָט קעגן איר די ציין אויסגעשטשירעט.— און ער האָט באַשלאָסן צו טון זיינע מיטלען. פריהער האָט ער אָנגעהאָדעוועט מומו מיט ברויט, האָט אים אַרומגעגלעט און געלייגט שלאָפן; דערנאָך האָט ער געגומען קלערן... די גאַנצע נאַכט איז ער נישט געשלאָפן און האָט געקלערט, ווי אַזוי אים בעסער צו באַהאַלטן. צו לעצט האָט ער צוגעקלערט האַלטן דעם הונט אַ גאַנצן טאָג אין קעמערל אין נאָר זעלטן קומען צו אים געוואוירע ווערן, אין אַרויספירן נאָר ביינאַכט.

די לאָך אין טיר האָט ער פעסט פאַרשטעקט מיט זיין אַלטן אַרמיאַק און כאָוּר איז ער שוין געווען אין הויף, גלייך ווי ס׳האָט גאָרנישט געטראָפן. געמאַכט אַפילו אַנ׳אומעטיג פּנים, ווי פריהער. (אַ נאַאיוועור אַנשטעל!), דעם טויבן נעבעך האָט גאָרניט געקאָנט איינפאַלן, אַז מומו וועט אַרייַנפאַלן מיט זיין אייגן קוויטשן, אָבער אין שטוב האָבן זיך אינגיכן אַלע דערוואוסט, אַז דעם שטומענס הונט איז צוריקגעקומען און זיצט ביי אים פאַרשפאַרט. נאָר אויס מיטלייד צו אים אין צום הונט, אין אַ ביסל אַפילו אויך אויס מורא פאַר אים, האָבן זיי אים ניט געגעבן צו פילן, אַז זיי זיינען געוואויר געוואָרן פון זיין סוד. דער איינער עקאָנאָם האָט זיך אַ קראַץ געטון, האָט אָבער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט „נו, הייסט עס זאָל זיין אַזוי! אפשר וועט דאָס צו דער פּריצע ניט דערלאַנגען״. דערפאַר האָט זיך דער שטומער קיינמאָל נישט געפלייסט אַזוי, ווי דעם טאָג; ער האָט אויסגערייניגט און אָפּגעשאָבן דעם גאַנצן הויף, האָט אויסגעקערט אַלע גרעזעלאַך ביז איינס, ר׳האָט אַליין מיט זיינע הענט אַרויסגעשלעפּט אַלע פּלעקער פון דעם גערטל, כדי זיך איבערצייגן, צו זיינען זיי גענוג פעסט, און האָט טאַקע אַליין זיי אַרייַנגעשטופּט. הכלל, כ׳האָט זיך געאַרבעט און געטון, אַז די פּריצע אַפילו האָט באַמערקט זיין פלייס. איבערן טאָג האָט זיך געראַסים אַ פּאָר מאָל אַרייַנגעכאַפּט בגנבה צו זיין פאַרשפאַרטן קעמערל און אַז ס׳איז געוואָרן נאַכט, האָט ער זיך געלעגט שלאָפן אינאיינעם מיט אים אין קעמערל, אין נישט אויפן היי-בוידעם. און נאָר אַרום צוויי אַזייגער איז ער אַרויסגעגאַנגען מיט אים אַביסל שפּאַצירן אויף דער פרישער לופט. ער איז מיט אים אַרומגעגאַנגען גאַנץ לאַנג איבערן הויף, האָט זיך שוין געקליבן אומקערן צוריק, אַז פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ גערויש הינטערן פּלויט פונ׳ם. הינטערגעסל. מומו האָט אָנגעשפּיצט די אויערן האָט אַ פּישציע געטון

איז צו צום פלויט, האָט אַ שמעק געטון און האָט אויסגעבראָכן מיט אַ הויך הילכיג בילן: עפּעס איינעם אַ שיכּור איז איינגעפאַלן זיך זוכן דאָרט נאַכטלעגער.

די פריצע האָט גראָד אָנגעהויבן נאָר וואָס איינדרימלען נאָך אַ לאַנגער נערוועז ספּאַזמע. אַזוינע ספּאַזמעס פלעגן זיך איר שטענדיג צוואָרפן נאָך אַ צו זאַטער וועטשערע. מימוס בילן האָט איר אויפגעוועקט: דאָס האַרץ האָט איר אָנגעהויבן צו קלאַפּן און איז פאַרחלשט געוואָרן. „מוידן, מוידן! — האָט זי אָנגעהויבן קרעכצן — מוידן!" די איבערגעשראָ־קענע מוידן זיינען אַריין צו איר אין שלאָף־שטוב. „אך, כ'שטאַרב!" — האָט זי אַרויסגערעדט, צע־וואָרפן מיט אַנגסט די הענט. — ווידער אַ מאָל דער הונט!... אָך... שיקט נאָך דעם דאָקטאָר. זיי ווילן מיך אומברענגען... דער הינט, ווידער דער הינט! אך! — אין זי האָט פאַרוואָרפן מיט'ן קאָפּ. דאָס האָט געקאָנט באַטייטן זי חלשט. מ'איז אַוועקגעלאָפן נאָכן דאָקטאָר, דאָס הייסט נאָכן שטוב־רופא כאַריטאָנען, כאַריטאָנס גאַנצע קונץ איז געווען, וואָס ער האָט געטראָגן שטיוול מיט ווייכע זוילן, האָט געקענט איידל אָננעמען פאַר'ן דופק, איז געשלאָפן פערצן שעה אין טאָג, די איבריגע צייט געהאַלטן אין איין זיפצן, און האָט ניט אויפגעהערט מכבד צו זיין די פריצע מיט לאָבער־קאַרשן טראָפּן. אָט דער דאָזיגער רופא איז באַלד געקומען צולויפן, האָט אויסגערויכערט די שטוב מיט געברענטע פעדערן און, אַז די פריצע האָט געעפענט די אויגן, האָט ער איר תיקף ציגעטראָגן אויף אַ זילבערן טעצל דאָס אייביגע גלעזעלע טראָפּן. די פריצע האָט עס אויסגעטרונקען און האָט זיך באַלד גענומען קלאָגן מיט אַ וויינענדיג קול אויפ'ן הונט, אויף גאַווורילן, אויף איר מזל· אַלע האָבן פאַרלאָזט זי, אַן עלענדע אַלטע פרוי, קיינער האָט אויף איר קיין רחמנות ניט· אַלע קוקן אַרויס, זי זאָל שטאַרבן. דערווייַל האָט דער אומגליקליכער מומו נאָך אַלץ געבילט, וויפיל געראַסים האָט זיך ניט געמיהט אים אַוועקצורופן פון פּלויט. „אָט... ווידער אַ מאָל"!...— האָט די פריצע גע־שטאַמלט און נאָך אַ מאָל פאַרגלייזט די אויגן. דער רופא האָט עפּעס שטיל אַ זאָג געטאָן דער מויד, יענע האָט זיך אַ וואָרף געטון אין פאָרהויז, האָט צעוועקט סטעפּאַנען; ער איז אַוועק אויפוועקן גאַווורילען, און גאַווורילע האָט פון גרויס צערודערטקייט געהייסן אויפוועקן די גאַנצע שטוב.

געראַסים האָט זיך אומגעדרעהט, דערזעהן פייערלאַך און שאָטענס אין די פענסטער. דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז ס'האָט געטראָפן עפּעס אַן אומגליק, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן מומו אונטער דער פּאַכווע, איז אַריין אין קעמערל און האָט זיך פאַרשפאַרט. אין עטליכע מינוט אַרום האָבן פינף מאַן גענומען רייסן די טיר, נאָר דערזעהן דעם ווידער־שטאַנד פונ'ם פאַררוקער, האָבן זיי אויפגעהערט. גאַווורילע איז געקומען צולויפן שטאַרק פאַרסאַפּעט און געהייסן אַלעמען בלייבן דאָ ביז אין דער פריה און היטן. אין אַליין איז ער דערנאָך אַוועקגעלאָפן אין דער מויד־שטוב און האָט דורך דער עלטערער קאַמפּאַניאָנקע ליובאָוו ליובימאָוונע געהייסן איבערגעבן דער פריצע, אַז צום אומגליק, איז דער הינט ווידער געקומען צולויפן פון ערגעץ, נאָר מאָרגען נאָך וועט ער שוין ניט זיין קיין לעבעדיגער, און זאָל די פריצע זיין אַזוי גוט זיך ניט ערגערן און זיין רוהיג.

ביי דער פריצע וואָלט ער דאָס געוויס ניט געפעלט אַזוי גיך, האָט אָבער דער רופא אין איילעניש אַריינגעטריפט גאַנצע פערציג טראָפּן אָנשטאָט צוואַנציג. די שטאַרקע טראָפּן,

האָבן געווירקט—אין אַ פערטל שעה אַרום איז שוין די פּריצע געשלאָפן געשמאַק און רוהיג.

געראַסים אָבער איז געלעגן טויט בלאַס אויף זיין בעטל און האָט שטאַרק צוגעהאַלטן מומו ביים מויל.

אויף מאָרגן האָט זיך די פּריצע אויפגעכאַפּט גאַנץ שפּעט, גאַווריל'ע האָט געוואַרט אויף איר אויפשטעהן—ער זאָל קאָנען הייסן זיך נעמען ערנסט פאַר געראַסימס קאַמער, און אליין האָט ער זיך געגרייט אויסצושטעהן אַ גרויסן שטורם. אָבער קיין שטורם איז נישט געווען, ליגענדיג אין בעט האָט די פּריצע געהייסן אַריינרופן צו זיך די עלטסטע קעסטפרוי:

— ליובאָוו ליוביםאָוונא,—האָט זי אָנגעהויבן מיט אַ שטיל שוואַך קול. זי האָט צו מאָל ליב געהאַט זיך מאַכן פאַר אַ גערודפט פאַריתומט נעבעכל; אין אַזאַ פאַל איז פאַרשטעהט זיך אַלעמען געוואָרן שווער צו געמיט:—ליובאָוו ליוביםאָוונא, איר זעהט ווי איך האַלט, געהט, נשמה מיינע, צו גאַווריליע אַנדרייאיטשן, רעדט מיט אים איבער: צו דען איז אים עפּעס כ'וויס וואָס פאַר אַ הינטל טייערער פאַר דער רוה, פאַר דעם לעבן אפילו פון זיין פּריצע! איך וואָלט ניט געוואָלט אַזוינס גלויבן,—האָט זי צוגעגעבן מיט אַן אויסדריק פון אַ טיף געפיל:—געהט, נשמה מיינע, זייט אַזוי גוט, געהט זיך דורך צו גאַווריליע אנדרייאיטשן.

ליובאָוו ליוביםאָוונא איז אַוועקגעגאַנגען צו גאַווריליען אין שטוב. וואָס זיי האָבן געשמועסט, ווייסט מען נים. נאָר אין אַ ווייל'ע אַרום האָט אַ גאַנצער המון מענשן זיך גערוקט איבערן הויף צו געראַסימס קעמערל צו: אפריהער איז געגאַנגען גאַווריליע צוהאַלטענדיג מיט דער האַנט די היטל, כאָטש קיין ווינט איז נישט געווען; נעבן אים זיינען געגאַנגען די לאקייען און די קעכער; פון פענסטער האָט אַרויסגעקוקט דער פעטער כוואָסט און האָט געקאָמאַנדעוועט, דאָס הייסט, ר'האָט נאָר אַזוי געמאַכט מיט די הענט; הינטער אַלעמען האָבן געשפּרונגען אין זיך נאַריש געמאַכט קונדייסים, וואָס אַ העלפט פון זיי איז זיך אָנגעלאָפן פרעמדע, אויף די שמאָלע טרעפּ צום קעמערל צו איז געזעסן איין היטער, ביי דער טיר זיינען געשטאַנען נאָך צוויי מיט שטעקנס, מ'האָט אָנגעהויבן אַרויפגעהן אויף די טרעפּ און פאַרנומען די גאַנצע לענג. גאַווריליע איז צו צו דער טיר, האָט אָנגעקלאַפּט מיט דער פויסט און אַ געשריי געטון:

— עפן!

ס'האָט זיך דערהערט אַ פאַרשטיקט בילן; נאָר קיין ענטפער איז נישט געווען.

— מ'זאָגט דיר, עפן! האָט ער איבערגעחזרט.

— גאַווריליע אַנדרייאיטש—האָט סטעפּאַן באַמערקט פון אונטן:—ער איז דאָך אָבער טויב—ער הערט נישט.

אַלע האָבן זיך צולאַכט.

— וואָס זשע טוט מען?—האָט גאַווריליע געפרעגט פון אויבן.

— אין טיר דאָרט איז פאַראַן אַ לאָך—האָט סטעפּאַן געענטפערט:—טאָ גיט אַ רודער מיט אַ שטעקן.

גאַווריליע האָט זיך אָנגעבויגן.

— ער האָט זי, די לאָך הייסט עס, מיט עפּעס אַן אַרמיאַק פאַרשטעקט.

— איז שטופּט אַרײַן דעם אַרמיאַק אינוועניג.

דאָ האָט זיך ווידער דערהערט אַ דומף בילן.

זעה נאָר זעה, ער מסרט זיך . אַליין, - האָט מען באַמערקט פון צווישן עולם און מ'האָט זיך ווידער צעלאַכט.

גאַוורילע האָט זיך אַ קראַץ געטון הינטערן אויער.

— ניין ברודער, האָט ער צולעצט ווײַטער געזאָגט :—דעם אַרמיאַק זײַ מוחל אַליין דורכשטופּן, אויב דו ווילסט.

— אויך אַ זאַך, לאָזט נאָר!

סטעפּאַן איז אַרויפגעקלעטערט אַרויף, האָט גענומען אַ שטעקן, אַרײַנגעשטופּט אינוועניג, דעם אַרמיאַק אין גענומען דרעהן מיטן שטעקן, זאָגענדיג דערבײַ: „געה אַרויס, געה אַרויס!” ער האָט נאָך געהאַלטן אין דרעהן מיט'ן שטעקן, אַז מיט אַ מאָל האָט די טיר פונ'ם קעמער'ל שנעל אויפגעפּראַלט—דאָס גאַנצע דינסטגעזינדל האָט זיך באַלד אַראָפּגעקוילערט מיט'ן קאָפּ אַראָפּ פון די טרעפּ און גאַוורילע פריהער פאַר אַלעמען. דער פעטער כוואָסט האָט פאַרהאַקט דעם פענסטער.

— ני, נו,—האָט גאַוורילע געשריגן פון הויף: —זעה, נאָר, דאָרט, היט די ביינער!

געראַסים איז געשטאַנען אויף דער שוועל ניט קיין ריר זיך צו טון. דער עולם האָט זיך צונויפגעקליבן אונטן בײַ די טרעפּ.

געראַסים האָט געקוקט האַלטענדיג די הענט אויף די לענדן פון אויבן אַראָפּ, אויף די דאָזיגע מענשלאַך אין די דײַטשישע קאַפּטאַנען; אין זיין רויטער, פּויערשער העמד האָט ער אויסגעזעהן, ווי אַ מין ריז קעגן זיי. גאַוורילע האָט געגעבן אַ שפּאַן פאָראויס.

— זעה נאָר ברודער,—האָט ער אַ זאָג געגעבן—באַ מיר זאָלסטו זיך נישט נאַריש מאַכן. ער האָט געגעבן אים געבן צו פאַרשטעהן אייפן וואונק, אַז די פריצע, הייסט עס, פאָדערט דורך אויס דיין הינטל: גיב עס אַ הער, הייסט עס, באַלד, אַ ניט וועסטו שלעכט אָפּשניידן.

געראַסים האָט אַ קיק געטין אויף אים, א ווײַז געטון אויפ'ן הינטל, געמאַכט אַ צייכן מיט דער האַנט באַ זיך אויפ'ן האַלז, ווי ער וואָלט פאַרציהן אַ שלייף אי'ן האָט מיט אַ פרעג אַ קוק געטון אויפ'ן עקאָנאָם.

— יאָ, יאָ האָט יענער געענטפערט, שאָקלענדיג מיטן קאָפּ;—יאָ, אן שום תירוץ.

געראַסים האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, דערנאָך האָט ער זיך מיט אַ מאָל אויפגעמינטערט, האָט ווידער אָנגעוויזן אויף מומו, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען נעבן אים אין האָט אומשולדיג געמאַכט מיטן עק און נייגעריג געשאָקעלט מיט די אייערן, האָט איבערגעחזרט דעם צייכן פון דערשטיקן אויף זיין האַלז אין האָט מיט האַרץ זיך אַ קלאַפּ געטון אין ברוסט, ווי ער וואָלט דערמיט געגעבן צו פאַרשטעהן, אַז ער אַליין נעמט אויף זיך איומברענגען מומו.

— זעה, דו נאַרסט מיך!—האָט גאַוורילע געמאַכט מיט דער האַנט.

גערא̇סים הא̇ט אַ קוק געט̇ין איף אים, הא̇ט מיט פּראַכטונג א שמייכל געט̇ין, זיך נא̇ך אַמאָל אַ קלאַפּ געטון אין הארצן אין פארהאַקט די טיר. אַלע הא̇בן זיך שווייגנדיג איבערגעקוקט.

— וואָס זשע הייסט דאָס?— הא̇ט גאַוורילע אָנגעהויבן,—ער הא̇ט זיך פאַרשפּאַרט?

— לא̇זט אים געמאך—גאַוורילע אַנדרייאיטש,—הא̇ט סטעפּאַן געזאָגט;—וואָס ער הא̇ט צוגעזא̇גט, וועט ער עס ט̇ין. אָט אזאַ איז ער שוין... זאָגט ער צו, איז שוין זיכער. דערויף איז ער ניט, ווי א̇ינזער איינער. וואָס אמת, איז אמת. יאָ.

—יאָ,—האָבן אַלע נאָכגעזאָגט אין צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ,—דאָס איז אַזוי. יאָ.

דער פעטער כוואָסט הא̇ט געעפנט דעם פענסטער און הא̇ט א̇יך געזאָגט: „יאָ".

— נו לא̇ז זיין אזוי, מירן זעהן,—האָט גאַוורילע געענטפערט; און די וואך זאָל מען פ̇ונדעסטוועגן ניט אראָפּנעמען.—העי, דו, יעראָשקע!—הא̇ט ער אַ זאָג געט̇ין צו איינעם אַן אָרימען מענשן אין אַ געלן נאנקענעם קאזאקין, וואָס הא̇ט זיך גערעכענט פאַר אַ גערט־נער:—נעם אַ שטעקן און זיך דאָ, אין וואָס עפּעס, לויף באַלד צו מיר.

יאַראָשקע הא̇ט גענומען אַ שטעקן אין הא̇ט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער א̇ונטער־שטער טרעפּ. דער עולם איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, אויסער איניגע נייַגעריגע און די קונדייסים, און גאַוורילע הא̇ט זיך אומגעקערט אַ היים און הא̇ט ד̇ורך ליובאָוו ליובימאָוונא'ן געהייסן מעלדן דער פריצע, אַז אַלץ איז געטון געוואָרן, און אַליין הא̇ט ער אויף יעדן פאַל אַוועקגעשיקט דעם פאָררייטער צום כאָזשאַלי 1). די פריצע ,הא̇ט געמאַכט אַ קניפּל אינם נאָזטיכל, הא̇ט אָנגעגאָסן אויף דעם אָדעקאָלאָן, הא̇ט אַ שמעק געטון, אָנגעריבן די שלייפן, זיך אָנגעטרונקען מיט טיי, און, נאָך ניט א̇ויסגעניכטערט זיך פון די לאָבענקארשן־טראָפּן, איז זי נאָך אַמאָל איַנשלאָפן געוואָרן.

אין אַ שעה אַרום נאָך אָט דעם דאָזיגן טומעל הא̇ט זיך די טיר פ̇ון קעמערל גע־עפנט און עס הא̇ט זיך באַוויזן גערא̇סים. ער איז געגאַנגען אין דעם יומט־ב'דיגן קאַפּטען, און געפירט מומו פאַר אַ שטריקל. יעראָשקע הא̇ט זיך אָפּגערוקט און אים געלא̇זט דורכגעהן. גערא̇סים הא̇ט זיך געלא̇זט געהן צום טויער. אַלע קינדייסים, וואָס זיינען געווען אין ה̇יף הא̇בן אים שווייגענדיג באַגלייט מיט די א̇יגן. ער הא̇ט זיך אפילו ניט א̇ומגעקוקט, די היטל הא̇ט ער אָנגעטון ערשט א̇ויף דער גאַס.

גאַוורילע הא̇ט אים נאָכגעשיקט נאָכקוקן דעם געלן יעראָשקען. יעראָשקע הא̇ט דער־זעהן פון דערווייטענס, אַז ער איז אריינגעגאַנגען מיט'ן הונט אין אַ טראַקטיר, הא̇ט ער גענומען אָפּוואַרטן ביז יענער וועט צוריק ארויסקומען.

אין טראַקטיר הא̇ט מען געקענט גערא̇סימען אין מען הא̇ט פאַרשטאַנען זיינע צייכענס. ער הא̇ט געבעטן דערלאַנגען באָרשטש מיט פלייש א̇ין הא̇ט זיך אוועקגעזעצט, אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אויפ'ן טיש. מ̇ומו איז געשטאַנען נעבן זיין ביינקל אין הא̇ט רוהיג געקוקט א̇יף אים מיט די קלוגע אויגן. די האָר א̇ויף אים הא̇בן געגלאַנצט, עס איז קענטיג גע־ווען, מ'הא̇ט אים ניט לאַנג אויסגעקעמט.

---

1) סטראַזשניק (איבערז.)

מ׳האָט דערלאַנגט גערא̈סימען באָרשטש. ער האָט אָנגעבראָקט אַ היין ברויט, האָט צעהאַקט אויף פּיצילאַך דאָס פלייש, אוּן אוועקגעשטעלט דעם טעלער אויפ׳ן דיל. מומו האָט גענומען עסן מיט זיין געוועהנליכער העפליכקייט, קוים צורירנדיג זיך מיט׳ן פּיסקל צום געריכט. גערא̈סים האָט לאַנג געקוקט אויף אים; צוויי שווערע טרערן האָבן זיך פלוצעם ארויסגעקייקעלט פון זיינע אויגען. איין טרער איז אַראָפּגעפאַלען דעם הינטעל אויפ׳ן שטערנדל, דאָס צווייטע—אין באָרשטש אַריין. ער האָט פאַרשטעלט דאָס פנים מיט דער האַנט. מומו האָט אויפגעגעסן אַ האַלבן טעלער, און איז אַפּ, באַלעקט זיך. גערא̈סים איז אויפגעשטאַנען, האָט באַצאָלט פאַר׳ן באָרשטש און איז ארויס אין דרויסן, דער דינער האָט אים נאָכגעקוקט מיט אַ פראַגע. דערזעהן גערא̈סימען, איז יעראָשקע אָפּגעשפרונגען הינטער אַ ווינקל-וואַנט, האָט אים דורכגעלאָזט פאַרביי, און זיך ווידער געלאָזט געהן נאָך אים.

גערא̈סים איז געגאַנגען ניט נעהיילט און האָט ניט אָפּגעלאָזט מ׳מי פון שטריקל. צוגעקומען צום ווינקל-גאַס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, פאַרטראַכט און פלוצעם איז ער אוועק איילינג גלייך צום טייך-איבערפאָר. אויפ׳ן וועג איז ער אריין אין אַ הויף פון אַ הויז, וואָס דאָרט האָט זיך ציגעבויט אַ פליגל, און האָט ארויסגעטראָגן פון דאָרט צוויי ציגל אונטערן אָרעם. פונם איבערפאָר האָט ער פאַרקערעוועט צום ברעג, איז צוגעגאַנגען צו איין אָרט, וואו שיפלאַך מיט וועסלעס זיינען געשטאַנען צוגעבונדן צו פלעקער און איז אַריינגעשפרונגען אין אַ שיפל צוזאמען מיט מומו. א לאָמער אַלטיטשקער האָט זיך באוויזן פון הינטער אַ ביידל, וואָס איז געשטאַנען ביים עק גאָרטן, און האָט גענומען שרייען אויף אים. גערא̈סים האָט נאָר אַמאַך געטון אים מיט׳ן קאָפּ און האָט גענומען אזוי שטאַרק רו-דערן, כאָטש עס איז געוועזן ארויף וואַסער, אַז אין איין מינוט איז ער אוועקגעשווימען אויף אַ סאַזשן הינדערט. דער אַלטער איז געשטאַנען, געשטאַנען, האָט זיך אַ קראַץ געטון אין פלייצע פריהער מיט דער לינקער האַנט, דער נאָך מיט דער רעכטער און האָט זיך אומגעקערט, הינקענדיג אין ביידל אריין.

גערא̈סים האָט גערודערט און גערודערט. אָט איז שוין מאָסקווע געבליבן פון הינטן. אָט האָבן זיך שוין אוועקגעלאָזן ביי די ברעגן לאָנקעס, גערטנער, פעלדער, וועלדלאַך, ס׳האָבן זיך באוויזן פויערשע הייזלאַך. ס׳האָט אַוועהע געטון מיט דאָרף. ער האָט אָפּגעלאָזט די רודערס, איז צוגעפאַלן מיט׳ן קאָפּ צו מומו, וואָס איז געזעסן פאַר אים אויף דעם טרוקענעם זייטנברעטל—דער דעק איז געוועזן פאַרגאָסן מיט וואַסער—און איז געבליבן זיצן ניט גערירט זיך, צונויפגעלייגט די מעכטיגע הענט אויף דעם הינטס רוקן, בעת דער שטראָם האָט דערוויל פּאַמעליך אָפּגעטראָגן דאָס שיפל צוריק צו דער שטאָט. צולעצט האָט זיך גערא̈סים אויסגעלאַכט, האָט איילנדיג, מיט עפּעס אַ מין קריינקליכער פאַרביטער-קייט אויפ׳ן פנים, אַרומגעוויקלט דאָס שטריקל אַרום די ציגל, וואָס ער האָט גענומען, האָט צוגעמאַכט אַ שלייף און אָנגעטון מומו אויפן האַלז, האָט אויפגעהויבן דעם הינט איבערן וואַסער, צום לעצטן מאָל אַקוק געטון אויף אים... מומו האָט מיט צוטרוי און אָן שרעק געקוקט אויף אים אין פּאַמעליך געפאָכט מיטן עקל. ער האָט אָפּגעקערעוועט דעם קאָפּ, פאַרזשמורעט די אויגן און געעפנט די האַנט... גערא̈סים האָט גאָרנישט ניט געהערט, ניט מומו׳ס פלוצעם קוויטש פאַלנדיג, ניט דעם שווערן פליעסק פונ׳ם וואַסער. דער רעש׳יגסטער

טאָג איז פאַר אים טויט שטיל געווען, ווי די שטילסטע נאַכט איז ניט שטום ביי אינז־ ווען ער האָט ווידער געעפֿנט די אויגן, האָבן זיך קלייניקע כוואַליעלאַך, ווי פֿרייער געאיילט איבערן טייך, ווי יאָגנדיג זיך איינס נאָכ׳ן אַנדערן, ווי פֿריהער האָבן זיי געקלאַפּט אָן די זייטן פֿון שיפֿל, און נאָר ווייט פֿי׳ן הינטן צום ברעג צו זיינען זיך פֿאַנאַנדערגעלאָפֿן עפּעס ברייטע רעדער.

יעראָשקע האָט זיך אומגעקערט אַהיים, ווי נאָר גראַסים איז פֿאַרשוואונדן געוואָר׳ן פֿי׳ן זיינע אויגן, און האָט דערצעהלט, וואָס ער האָט געזעהן.

— ני, יאָ, — האָט סטעפּאַן באַמערקט — ער וועט אים דערטרינקען. מ׳קאָן שוין זיין זיכער. האָט ער נאָר עפּעס צוגעזאָגט...

דעם גאַנצן טאָג האָט קיינער נישט געזעהן גראַסימען. ער האָט נישט געמיטאָגט אין דער היים. ס׳געוואָרן אָוונט, אַלע האָבן זיך פֿאַרזאַמלט צו דעם אָוונטעסן, חוץ איב.

— ס׳אַחושים דער גראַסים איז; — האָט אַ פּיפס געט׳ן די גראָבע וועשערן: — מ׳זאָל זיך אַזוי נעמען צום האַרצן פֿון אַ הונט!.. באמת!

— גראַסים איז דאָך דאָ געווען! — האָט סטעפּאַן פּלוצעם אויסגעשריען, אָנשאַרנדיג קאַשע מיט דער לעפֿל. —

— ווי? ווען?..

— אָט פאר אַ פּאָר שעה. ווי דען! איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט אין טויער; ער איז שוין ווידער פֿי׳ן דאַנען געגאַנגען, פֿון הויף אַרויסגעקומען. איך האָב געוואָלט אים אַ פֿרעג טו׳ן פֿי׳ן דעם הונט, נאָר ער, זעהט אויס, איז געווען שלעכט געשטימט. נו האָט ער מיך אַ שטופּ געגעבן; ווייזט אויס, ער האָט נאָר סתם אַזוי, געוואָלט מיך אָפּשטופּן אָן אַ זייט, ס׳הייסט קריך נישט, — נאָר ער האָט מיר אַזוי דערלאַנגט אין דער דעך, שוין איינמאָל! אי׳ן סטעפּאַן האָט מיט אַ ביטערן שמייכל זיך צונויפגעקאָרטשעט און זיך אַ רייב געגעבן דעם קאַרק. — יאָ, — האָט ער צוגעגעבן. — אַ האַנט האָט ער, מע קאָן נישט זאָגן, אַ געבענטשטע האַנט.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט פֿי׳ן סטעפּאַנען, און נאָך דעם אָוונטעסן איז מען זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען שלאָפֿן.

אין דער זעלבער צייט, האָט זיך דערווייל איבערן ט־לער שאָסיי געשפּאַנט האַסטיג אָן אַן אָפּשטעל עפּעס אַ ריז מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס און מיט אַ לאַנגן שטעקן אין האַנט. דאָס איז געווען גראַסים. ער האָט זיך געאיילט, ניט אומגעקוקט זיך, געאיילט אַהיים, צו זיך אין דאָרף אַריין, צו זיין געבוירן אָרט. דערטרינקען מומו נעבעך, איז ער געקומען צולויפֿן צו זיך אין קעמערל, האָט אויף גיך צונויפגעלייגט זיין ביסל אייגנסן געמאַכט אַ פּעקל, פֿאַרוואָרפֿן דאָס אויף די פּלייצעס, און ניט געבליבן. דעם וועג האָט ער גוט באַמערקט נאָך דעמאָלט ווען מען האָט אים געפֿיר׳ט קיין מאָסקווע, דאָס דאָרף, וואָס די פּריצע האָט אים פֿי׳ן דאָרט גענימען, איז געווען אינגאַנצן אַ ווערסט פֿינף און צוואַנציג פֿי׳ן שאָסיי. ער איז געגאַנגען איבערן שאָסיי עפּעס מיט אַ באַהאַרצטן איינשטעל, ווי אַ מענש וואָס האָט פֿאַרצווייפֿלט און צוגלייך מיט פֿרייד עפּיס באַשלאָסן ביי זיך. ער איז געגאַנגען, די ברוסט ברייט געעפֿנט; די אויגן האָבן גיריג און גלייך געקוקט פֿאָראויס. ער־

האָט זיך געאײַלט, פּונקט ווי אַן אַלטיטשקע מאַמע וואָלט געוואַרט אויף אים אין דער היים, פּונקט ווי זי וואָלט אים גערופֿן צו זיך נאָך לאַנג אַרומוואַנדלען אין אַ פֿרעמד לאַנד, צווישן פֿרעמדע מענטשן... די זומערדיגע נאַכט, וואָס איז נאָר וואָס צוגעפֿאַלן, איז געווען שטיל און וואַרים; פֿון איין זײַט, דאָרט וואו די זון האָט זיך געזעצט, איז דער עק הימל נאָך ווײַסליך געווען און האָט זיך שוואַך גערויטלט מיטן לעצטן אָפּגלאַנץ פֿונ'ם פֿאַרשוואונדענעם טאָג; פֿון דער אַנדערער זײַט האָט זיך שוין אויפֿגעהויבן אַ בלויער גראָהער טונקל. די נאַכט איז געגאַנגען פֿון דאָרטן. די וואַכטלען האָבן הונדערטערווײַז געליאַרמט, אַרום די ראָלען האָבן זיך אַקעגנגעשריגן איינער העכער פֿאַר'ן אַנדערן. גראַסים האָט זיי נישט געקאָנט הערן, ער האָט אויך נישט געקאָנט הערן דעם לײַכטן נאַכטשאָרך פֿון די בוימער, וואָס זײַנע פֿיס האָבן אים פֿאַרבײַ געטראָגן; ער האָט אָבער געפֿילט דעם באַקאַנטן ריח, וואָס האָט געצויגן פֿון די טונקעלע פֿעלדער, פֿון דעם קאָרן רייף צו ווערן, האָט געפֿילט, ווי דער ווינט, וואָס האָט אים געצויגן אַנטקעגן — דער ווינט פֿון דער היים — ווי ער האָט אים געגלעט דאָס פּנים, זיך געשפּילט מיט זײַנע האָר און באָרד; האָט געזעהן פֿאַר זיך דעם ווײַסשימערירנדיגן שליאַך, דעם שליאַך וואָס פֿירט אַ היים, אַ גלײַכער ווי אַ פֿײַל; האָט געזעהן אין הימל אַ שלל שטערן, וואָס האָבן אים באַלויכטן דעם וועג, און ער האָט ווי אַ לייב געשפּאַנט שטאַרק און מוטיג אַלץ ווײַטער. ווען די אויפֿגעהענדיגע זון האָט באַלויכטן מיט אירע פֿײַכט־רויטע שטראַלן דעם בראַוון יונג, וואָס איז זיך ערשט רעכט צעגאַנגען, איז שוין צווישן אים און מאָסקווע געליגן פֿינף און דרײַסיג ווערסט...

אין צוויי טעג אַרום איז ער שוין געווען אין דער היים, אין זײַן הײַזל, צו גרויס וואונדער פֿון דער סאָלדאַטקע, וואָס מ'האָט דאָרט באַזעצט. איבערגעצלמט פֿאַר די איקאָנעס, איז ער באַלד אַוועק צום סטאַראָסטע. דער סטאַראָסטע האָט זיך געוועזן לכתּחילה פֿאַרוואונדערט; אָבער דער היי־שניט האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן: גראַסימען, אַן אויסגעצייכנטן אַרבעטער, האָט מען גלײַך געגעבן אַ קאָסע אין האַנט, — און ער איז אַוועק שנײַדן ווי אַמאָל, אַזוי שנײַדן, אַז עס האָט אַזש די פּויערים פֿאַרנומען, קוקנדיג אויף זײַן ברייטקײַט און פֿאַרנעם מיט זײַן קאָסע.

אין מאָסקווע האָט מען זיך אומגעקוקט, אַז גראַסים איז נישטאָ, ערשט אויפֿן מאָרגן נאָך זײַן אַנטלויפֿן. מ'איז אַוועק צו אים אין קעמערל, דאָס אַרומגעטאַפּט, געזאָגט גאַווריל. יענער איז געקומען, האָט אַ קוק געגעבן, אַ ציה געטון מיט די אַקסלען און באַשלאָסן, אַז דער שטומער איז אָדער אַנטלאָפֿן, אָדער דערטרונקען געוואָרן אינאיינעם מיט זײַן נאַרישן הונט. מען האָט געגעבן צוויסן דער פּאָליציי, געמאָלדן דער פּריצע. די פּריצע האָט זיך צעכעסט, צעוויינט, געהייסן אים אויפֿזוכן אָהן אַ שום תּירוץ, האָט פֿאַרזיכערט, אַז זי האָט קיינמאָל נישט געהייסן הרגענען דעם הונט, און צולעצט האָט זי געגעבן גאַווריל אַזאַ פּסק, אַז יענער איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען, האָט געשאָקלט אַלע מאָל מיטן קאָפּ און געניקעט, ביז דער פֿעטער כוואָסט האָט אים קלאָר געמאַכט מיט אַ: נו־נו! צולעצט איז אָנגעקומען אַ ידיעה פֿון דאָרף וועגן גראַסימס אָנקומען. די פּריצע האָט זיך אַביסל באַרוהיגט; די ערשטע מינוט האָט זי געוועזן אָפּגעגעבן אַ באַפֿעל אים תּיכף אַרויספֿאָדערן צוריק קיין מאָסקווע, שפּעטער, אָבער, האָט זי דערקלערט אַז זי דאַרף כּלל

נישט האָבן אַזאַ אומדאַנקבאַרן מענשן. איבריגענס, זי אַליין איז אינגיכן געשטאָרבן, און די יורשים אירע איז גראַסים שוין ניט געלעגן אין קאָפּ: זיי האָבן אויך די איבעריגע מאָמעס מענשן פאַנאַנדערגעלאָזט און זיי האָבן זיי געצאָלט דערפאַר צינש.

גראַסים לעבט עד היום איינער אַליין אין זיין איינזאַם הײַזל, איז געזונט און מעכטיג ווי אַמאָל און אַרבעט ווי פריהער פאַר פיר, און ווי פריהער איז ער ערנסט און געזעצט. נאָר די שכנים האָבן באַמערקט, אַז זינט ער האָט זיך אומגעקערט פון מאָסקווע, האָט ער לחלוטין אויפגעהערט צו חברן זיך מיט פרויען, קוקט אַפילו נישט אויף זיי און האַלט נישט ביי זיך קיין איין הונט אַפילו.—איבריגענס,—דרינגען די פויערים:—ס'גאָר אַ גליק פאַר אים, וואָס ער דאַרף ניט קיין נקבה; און אַ הונט—צו וואָס דאַרף ער אַ הונט? וועסט סיי ווי צו אים אין הויף אַריין קיין גנב מיט אַ שטריק אַפילו נישט פאַרשלעפן!

אַזאַ שם האָט דער שטומער מיט זיין ריזן-גבורה.

## פונ׳ם זעלבן אוטאר

דרוקט זיך

אינ׳ם „אידישן פאָלקס־פאַרלאַג״:

1. „די בעזשענער לאָנקע״.
2. „ביריוק״.

